לייזער ענגעלשטערן

# אין געטאָס און וועלדער

## פון ווילנע ביז די נאַליבאָקער ווילדענישן



בית לוחמי הגיטאות ע״ש יצחק קצנלסון
הוצאת הקיבוץ המאוחד • תשל״ב

געווידמעט
מײַן אומגעבראַכטער משפּחה

אַ צוואה מײַן זון:
ניט פֿאַרגעסן, ניט פֿאַרגעבן!

## אַרײַנפיר

לייזער ענגעלשטערן איז געבוירן אין ווילנע אין 1902. יאָרן לאַנג האָט ער זיך „געטונקט" אין די בלײַענע אותיות, געאַרבעט אַלס זעצער אין קלעצקין־פאַרלאַג, אין „ווילנער טאָג", געווען אַ בן־בית אין דער ווילנער יידיש־שאַפערישער משפּחה. פאַר דער פען האָט ער זיך גענומען ערשט דאַן ווען צו אים איז דערגאַנגען דער רוף: „יידן פאַרשרײַבט!"

די יידישע ווילנע איז שוין דעמאָלט געלעגן אַ פאַרשטומטע, פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ, פאַנאַרער גריבער האָבן אײַנגעשלונגען טויזנטער קרבנות. ער פאַרנאָטירט דאַן אין זײַן העפט: „75 טעג זענען פאַרבײַ אין פּײַן און פּאַגראָמשרעק, אין דערוואַרטונג, יעדע מינוט, אויף אַל דאָס בייז. די נאַציס גיבן ניט קיין צײַט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם — — — די געטאָ האָט געשײַנט צו זײַן אַן אויסלייזונג, אפשר וועט מען דאָרט ניט זײַן אַזוי הפקר".

עטלעכע בלעטלעך אין אַ דין העפטל. דאָס איז אַלץ וואָס ער האָט באַוויזן צו פאַרצייכענען אויף דער הייסער מינוט. דערקענען מיר גלײַך אין אָנהייב, אין די געצאַמטע שורות, די שוידערלעכע וואָר, דעם קאָשמאַר פון יענע טעג און נעכט.

די ערשטע קאַרגע נאָטיצן, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער זײַטלעך, פאַרשריבענע אין זכּרון, האָט ער איצט צונויפגענומען אין זײַן בוך, כּדי צו דערפילן דעם חוב — דערציילן פאַר דער וועלט וועגן די נאַצישע אכזריות, וועגן זײַנע אייגענע לײַדן און ראַנגלענישן אין די יאָרן פון חורבן. געטאָן האָט ער עס מיט אַחריות: אַרויסגעבראַכט נאָר דאָס וואָס ער האָט אַליין געזען און אַליין איבערגעלעבט.

וועגן די דײַטשע פאַרברעכנס, געטאָ־שחיטות, פאַקטן וואָס זענען דירעקט פאַרבונדן מיט אים און זײַן משפּחה דערציילט ער אין דער

טרוקענער שפּראַך פון אַן עדות־באַריכט, אַרויסגעשיילט פון דעם טראַ־גישן נעפּל, וואָס איז אייגן דעם נשמה־געמיט בײַם איבערלעבן נאָך אַ מאָל די גרויליקע פאַרגאַנגענהייט. ערשט שפּעטער, אין די קאַפּיטלען „ווו נעמט מען געווער ?", „שטאָלץ און אַן מורא" און אין דער גאַנצער וואַלד־עפּאָפּעע, ווו דער שטאָף פאַר די שילדערונגען איז פול מיט דער־הויבענע מאָמענטן, קומט די עמאָציאָנעלע אָנלאָדונג, חנעוודיקער הומאָר, אָבסערוואַציעס פון אַ קינסטלערישער מדרגה.

אין די שילדערונגען פון טוביה בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה מײַדט ער אויס זיך אָפּצושטעלן באריכות אויף די דיווערסיע־אַקטן קעגן דײַטשן אָקופּאַנט, אין וועלכע ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט זײַנע אָטריאַד־חברים, פּשוט דערפאַר ווײַל ער האָט זיך אין זיי ניט באַטייליקט. ער האָט זיך געפונען צווישן די וואָס האָבן אַן געווער, אויף אַ גאַר באַזונדערן אופן בײַגעטראָגן צום קאַמף קעגן שונא.

פאַראַן אין דעם בוך פּרטים וועגן אַ ניט־דורכשניטלעכער גבורה פון ייִדישע יונגע־לײַט, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך אַ היסטאָרישע שלי־חות : אַרויסרײַסן פון די דײַטשע נעגל, פון די געטאָס, וואָס מער ייִדישע לעבנס, צונויפזאַמלען און באַשיצן זיי — מענער וואָס זענען ניט אַרײַנ־גענומען געוואָרן אין די סאָוועטישע קאָמפּאַטריאַדן (צוליב מאַנגל אין געווער און אַנדערע סיבות), אומבאַהאָלפענע פרויען און קינדער. דער־ציילט אונדז לייזער ענגעלשטערן, ווי אַזוי אָט די „פעקלעך מלבושים" האָבן אין די טיפע וועלדער, אין רוקן פון שונא, מיט זייערע אויפטוען, אַרײַנגעשריבן אַ וווּנדערלעכן קאַפּיטל אין דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

„אין געטאָס און וועלדער" איז אָבער קודם־כל אַ באַריכט וועגן גורל פון אַ ייִדישער משפחה אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע. לייזער ענגעל־שטערן איז אויסן צו דערציילן וועגן זיך און זײַנע נאָענטע, וועלכע ער האָט פאַרלוירן אויף דעם לאַנגן יסורים־וועג פון ערשטן פּרווו אַרויס־צורײַסן זיך פון טויט, פון ווילנער געטאָ, דערנאָך פון דער וואָראָנאָווער שחיטה און הריגה־פּלאַץ אין לידער געטאָ, ביז דעם „שטעטעלע בעלסק" אין די נאַליבאָקער וועלדענישן. צום וואַלד, וואָס האָט באַטײַט רעטונג, איז ער דערגאַנגען אַליין, דער לעצטער פון אַ משפחה.

ישראל רודניצקי

## 1

# טעג און נעכט

ווילנע. 5טער סעפּטעמבער 1941.

דער 75סטער טאָג ווי מיר לעבן אונטער דער לאַסט פון די נאַצישע אָקופּאַנטן. 75 טעג זענען פאַרבײַ אין פּײַן און פּאָגראָמשרעק, אין דער־וואַרטונג, יעדע מינוט, אויף אַל דאָס בייז. די נאַציס גיבן ניט קיין צײַט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. מען באַווײַזט ניט טייל מאָל זיך צו דער־וויסן וועגן דער גזירה וואָס איז מיט אַ ווײַלע פריִער אַרויסגעגעבן גע־וואָרן, ווי עס טראָגט זיך שוין פון מויל צו מויל אַ פרישע גזירה. אַ פּנים, אַז זיי ווייסן וואָס זיי טוען — צעטומלען די מוחות, האַלטן אונדז געשפּאַנט, צעשרויפן אונדז די נערוון, מאַכן אונדז פאַר גײַסטיקע קריפּלס, כּדי זיי זאָל נאָך דעם זײַן לײַכטער אויסצופירן זייערע טײַוולאָ־נישע פּלענער.

15 טויזנט ייִדן, מענער, זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, און וווּהין זיי זענען פאַרשוווּנדן ווייסט מען ניט.

דער טאָג ציט זיך אַזוי לאַנג. עס ווילט זיך, אַז ער זאָל שוין וואָס גיכער זיך ענדיקן. זאָל שוין קומען די נאַכט. אפשר וועט מען קענען אײַנשלאָפן און דער מוח וועט זיך אָפּרוען.

ס׳קומט די נאַכט. איך לייג זיך אין בעט. כ׳ליג מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטער, אָבער אַנשטאָט דעם שלאָף קומען אין קאָפּ די איבער־לעבונגען פון טאָג, און דער קאָפּ ווערט צעשפּאָלטן פון טראַכטן. די נאַכט ציט זיך אַזוי לאַנג. די אויגן וואַרפן יעדע ווײַלע בליקן צום פענצ־טער. זיי זוכן אַ שטראַל פון פאַרטאָג־ליכט. איך וויל עס זאָל זיך ענדיקן

די נאַכט און ס׳זאָל שוין נעמען אַ סוף צו די פינצטערע קאָשמאַרן, וואָס מאַטערן מיך אַ גאַנצע נאַכט.

אַ גרויער שטראָל ליכט שפּאַרט זיך אַדורך דורכן פאַרהאַנגענעם פענצטער, אַ סימן, אַז אַ פרישער טאָג קומט אָן. אָבער דווקא איצט קלעפּן זיך די אויגן און כ׳שלאָף איַין.

אַ קלונג אין טויער טשוכעט מיך באַלד אויס. דער פאַרטאָגיקער קלונג אין טויער איז אונדז שוין גוט באַקאַנט — „כאַפּונעס״, די ליטווישע „איפּאַטינגאַ״ (אויסדערוויילטע), וועמען די נאַצישע מאַכטהאָבער פון דער אָקופּירטער ווילנע האָבן איבערגעגעבן די אויפגאַבע צו כאַפּן ייִדן, מענער. די געכאַפּטע האָט מען שוין מער ניט געזען און מער פון זיי ניט געהערט.

אָ, וויפל מאָל בין איך שיער ניט אַריַינגעפאַלן אין די הענט פון די „כאַפּונעס״ און אין לעצטן מאָמענט איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן אין אַ באַהעלטעניש.

נאָך איידער דער סטראָזש האָט באַוויזן צו עפענען דעם טויער בין איך שוין, געשווינדט ווי אַ קאַץ, געשפּרונגען איבער די טרעפּ צום בוידעם, צו מיַין צוגעגרייטער נאָרע, אַרויפגעצויגן מיט זיך דעם לייַטער און זיך דאָרט באַהאַלטן. אַ צונויפגעקאָרטשעטער אין דריַיען ליג איך דאָרט, ביז איך באַקום דעם סיגנאַל פון מיַין פרוי, אַז איך קען שוין אַרונטערגיין.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די פיַינלעכע טעג און שלאָפלאָזע נעכט — אין דערוואַרטונג צו ווערן פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ.

מען האָט זיך נאָר געוווּנטשן, אַז דאָס זאָל שוין געשען וואָס פריִער; די געטאָ האָט געשיַינט צו זיַין ווי אַן אויסלייזונג, אפשר וועט מען דאָרט ניט זיַין אַזוי הפקר.

דעם טאָג האָבן די קלאַנגען וועגן אַ געטאָ זיך געלאָזט הערן אַלץ מער און מער. פון מויל צו מויל איז איבערגעגעבן געוואָרן די ידיעה, אַז די געטאָ איז שוין גרייט.

די נאַכט איז גראָד געווען אַ רויִקע. די „כאַפּונעס״ האָבן פאַר טאָג

ניט געקלונגען אין טויער. אויסגעשעפּט פון אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט, זענען מיר אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

צוויי שטאַרקע קלעפּ אין טיר האָבן אונדז אויפגעריסן פון שלאָף. אין טויטשרעק זענען מיר אַראָפּגעלאָפן פון די בעטן. מײַן פרוי איז געגאַנגען עפענען די טיר.

צוויי ליטווישע מיליטער־לײַט האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט אין הויז און שטרענג באַפוילן, אַז אין אַ האַלבע שעה אַרום זאָלן מיר זײַן גרייט צו פאַרלאָזן דאָס הויז און אַרונטערגיין אין הויף, און אַז מיר קענען מיטנעמען וואָס מיר ווילן.

כאָטש אין געדאַנק זענען מיר שוין געווען גרייט פאַרשפּאַרט צו ווערן אין אַ געטאָ, האָט אָבער אין דעם מאָמענט די פּלוצעמדיקע בשורה אונדז אַזוי צעטומלט, אַז מיר זענען אַ ווײַלע געבליבן ווי פאַרגליווערטע.

אָבער באַלד זענען מיר געקומען צו זיך און זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מיר טאָרן ניט פאַרלירן קיין איבעריקע מינוט, כּדי צו באַווײַזן כאָטש עפּעס וואָס מיטצונעמען, דאָס סאַמע נייטיקסטע.

אונדזער משפּחה איז באַשטאַנען, מיך אַרײַנגערעכנט, פון 5 נפשות — מײַן פרוי, 2 טעכטערלעך, 8 און 5 יאָר אַלט, און מײַן שוועגערין מלכה חיימסאָן־באַסטאָמסקי, וואָס האָט געוווינט מיט אונדז צוזאַמען זינט די נאַציס האָבן אָקופּירט ווילנע. איר מאַן שלמה באַסטאָמסקי האָט געהאַט דאָס גליק צו שטאַרבן נאָך אַן אָפּעראַציע מיט 2 חדשים פריִער איידער די נאַציס האָבן אָקופּירט ווילנע.

מײַן פרוי האָט אָנגעהויבן אָנטאָן די קינדער און איך מיט דער שוועגערין האָבן זיך גענומען צוגרייטן וואָס מיטצונעמען.

ווען איך בין צוגעלאָפן צו די אַלמערס, וואָס זענען געווען פול מיט בגדים און וועש, האָב איך באַלד פאַרלוירן די אָריענטאַציע און ניט געוווּסט וואָס פריִער צו נעמען. איך האָב כּסדר געקוקט אויפן זייגער און געוואָרפן אין די טשעמאָדאַנעס וואָס מיר איז געקומען אונ־טער דער האַנט. און אויף להכעיס רוקן זיך די ווײַזערס אַזוי שנעל...

מיר האָבן ניט באַוויזן אָנצופילן די טשעמאָדאַנעס, ווי עס האָבן

זיך באַוויזן די זעלבע מיליטער־לײַט און באַפוילן אונדז תּיכּף צו פאַר־לאָזן אונדזער וווינונג און איבערלאָזן די שליסלען.

מיר האָבן דאָס לעצטע מאָל אַ קוק געטאָן אויף אונדזער וווינונג און אויף אונדזער האָב־און־גוטס, וואָס מיר האָבן דערוואָרבן אין משך פון יאָרן דורך שווערער מי און פּראַצע, און איצט לאָזן מיר עס איבער אויף הפקר.

ווען מיר האָבן אָנגעהאָנגען אויף זיך די טשעמאָדאַנעס און אָנגע־הויבן אַרויסגיין פון הויז, האָבן ערשט די קינדער אונדזערע זיך צעוויינט מיט מוראדיקע קולות, וואָס האָט נאָך מער געשניטן אונדזערע צעווייי־טיקטע הערצער. זייערע יונגינקע הערצעלעך האָבן געשפּירט, אַז זיי וועלן שוין מער ניט האָבן אַזאַ גוטע היים.

די ליטווינער זענען געשטאַנען קאַלטבלוטיק און געוואָרט ביז מיר זענען אַרויס.

אויפן הויף האָבן מיר שוין געטראָפן אַלע שכנים, יעדער באַלאָדן מיט טשעמאָדאַנעס און פּעק בעטגעוואַנט. די פּלייצעס האָבן זיך געבויגן אונטער דער שווערער משׂא.

מיר האָבן געוווינט אויף סטעפּן־גאַס נומער 24, ראָג שאָפּען־גאַס, און אויף אונדזער גורל איז דעריבער אויסגעפאַלן דורכצוגיין בלויז איין גאַס ביז צו דעם האַלבפאַרטיקן געטאָ־טויער אויף רודניצקער. ייִדן פון די אַנדערע שטאָטקוואַרטאַלן האָבן זיך געדאַרפט שלעפּן אין זייער פּײַנוועג דורך אַ סך גאַסן, אין דער גרויסער היץ, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן יענעם טאָג. אָבער עס האָט אונדז ניט ווייניק אויפגעשווי־דערט פונעם דורכגיין די איין־און־איינציקע גאַס, באַלאָדענע מיט די שווערע פּעק אויף די פּלייצעס, צווישן אַ קאָרדאָן פון מונדירטע ליטווי־נער, וואָס איז געשטאַנען געדיכט פון ביידע זײַטן גאַס. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָנגעפילט די טראָטואַרן: זיי האָבן מיט הנאה זיך צוגעקוקט ווי די ייִדן ווערן געטריבן אין געטאָ — באַלד וועלן זיי קאָנען צונעמען דאָס ייִדישע האָב־און־גוטס מיט די וווינונגען צוזאַמען. זיי האָבן דאָך וועגן דעם געחלומט לאַנגע יאָרן.

שוידערלעך האָט אויסגעזען דאָס בילד, ווען פון דער מאַסע קריסט־לעכע צוקוקערס פלעגט אַרויסשפּרינגען אַ דערוואַקסענער שייגעץ, אַראָפּכאַפּן אַ פּעקל בײַ אַ ייִדן פון דער פּלייצע און אומגעשטערט אַנטלויפן.

אַזוי נאָר ווי מיר זענען אַרײַנגעשטופּט געוואָרן מיטן מענטשנ־שטראָם אין געטאָ־טויער אויף רודניצקער גאַס האָב איך זיך תּיכּף אָריענטירט, אַז מען טאָר ניט פאַרלירן קיין מינוט און אַרײַנכאַפּן זיך אין אַ דירה. כ׳האָב אָנגעהויבן גיין פון איין הויף אין אַנדערן, טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ און... אומעטום האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויפן זעלבן פּזמון: „שוין ניטאָ דאָ מער קיין אָרט..." אַן אויסגעשעפּטער בין איך געקומען צוריק צום אָרט, וווּ כ׳האָב איבערגעלאָזן מײַן ווײַב מיט די קינדער. דאָ דערוויס איך זיך פון אונדזער גליק: מײַן שוועגערין חיימסאָן, מיט אירע שוואַכע כּוחות, איז אויך געגאַנגען זוכן און זי האָט געהאַט מזל אַרײַנצוטרעפן אויף רודניצקער גאַס נומער 14 אין אַ דירה פון אירער אַ שילערין פון רעאַל־גימנאַזיע. ווי נאָר דער שילערינס מאַמע האָט זי דערזען, האָט זי איר אַרײַנגעבעטן, כאָטש אין דער דירה, וואָס איז באַשטאַנען סך־הכּל פון 2 קליינע צימערן מיט אַ קיך, אָפּגעטיילט מיט אַ שפּאַניש ווענטל, האָבן זיך שוין געהאַט באַזעצט 18 פּערזאָן, און מיט אונדזער משפּחה פון 5 — זענען מיר געווען 23. אין יענעם מאָמענט האָבן מיר עס באַטראַכט פאַר אַ גרויס גליק! מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן און אין די הויפן, אויף די שמוציקע שטיינער, מיט זייערע פּעק, און מיר האָבן שוין כאָטש אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אַז ס׳איז געקומען די צײַט פון שלאָפן איז געוואָרן ענג אין מוח. מיר זענען געווען די לעצטע און פאַר אונדז איז געבליבן אַ קליין שטיקל פּלאַץ אויף דער פּאָדלאָגע בײַ דער טיר, וווּ ס׳איז קוים געווען אָרט פאַר אונדז זיך אַנידערצולייגן, אָבער דאָס איז געווען אַ קלייניקייט, מ׳האָט זיך ווי ס׳איז אײַנגעמאָשטשעט. ערגער איז געווען אין מיטן נאַכט, ווען די שכנים האָבן געדאַרפט גיין אויף באַדערפעניש. פינצטער

איז געווען, זענען זיי געטראָטן איבער אונדז. די צווייטע נאַכט האָבן מיר זיך צו דעם צוגעוווינט.

קוים זיך דערוואָרט אַרויסצוגיין אין גאַס און אַרײַנגיין אין הויף פון דער רעאַל־גימנאַזיע. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דווקא די רעאַל־גימנאַזיע זאָל ווערן די רעזידענץ פון דעם אַזוי פאַרהאַסטן יודענראַט און אַז צווישן די ווענט פון דעם מוסטערהאַפטן ייִדישן בילדונג־אַנשטאַלט זאָלן זיך אָפּשפּילן האַרץ־רײַסנדיקע סצענעס.

צווישן דער געדיכטער מענטשן־מאַסע האָב איך דערזען מײַן מאַמען. טרערן האָבן געגאָסן רינען איבער אונדזערע פּנימער. באַלד האָט זי מיר איבערגעגעבן די טרויעריקע בשורה. מײַן מאַמע און מײַן שוועסטער מיט איר מאַן און 3 קינדער האָבן געוווינט אויף גרויס־שניפּישאָק. די מאַמע איז אַרײַנגעפאַלן אויף רודניצקער און די שוועסטער מיט אירע 2 מיידלעך האָט מען אַרײַנגעטריבן אין לידסקע געסל. דורך נאַכט האָבן די ליטווישע געהילפס־מערדערס אַרויסגענומען פון דאָרט 2000 ייִדן, זיי אַוועקגעפירט אין לוקישקער טורמע און פון דאָרט אויף פּאָנאַר. (איר מאַן, מײַן שוואָגער, האָבן די „כאַפּונעס״, אין איינעם מיטן זון, 16 יאָר אַלט, פאַרכאַפּט אין די ערשטע טעג פון דער דײַטשער אָקופּאַציע).

דעם זעלבן גורל האָט געהאַט מײַן עלטסטער ברודער משה. מײַן פאָטער איז שוין 20 יאָר געווען טויט.

אָנגעווייינט זיך — פון אַלע פּינצטערע נײַעס פון נעכטיקן טאָג — האָב איך זי געבראַכט אין אונדזער ווינקל. זענען מיר, אַזוי אָרום, שוין געוואָרן 24. האָט מען דעם צווייטן אָוונט זיך נאָך אַ האָרעלע צו־נויפגעקוועטשט און די נאַכט איז אַריבער.

מײַן מאַמע האָט צו מיר געזאָגט:

— זון מײַנער, מיר איז במילא ניט געבליבן פיל צו לעבן, וועל איך גיין צוריק אויף שניפּישאָק, איך האָף, אַז איך וועל געפינען ערגעץ אַן אָרט בײַ די קריסטלעכע שכנים פון אונדזער הויף, מיט וועלכע איך האָב אַלע מאָל געלעבט אין גוטער שכנהשאַפט.

פון דאַן האָב איך זי געזען נאָר איין מאָל, קורץ פאַר אונדזער אַנט־לויפן פון געטאָ.

מײַן ווײַב איז אויפן צווייטן טאָג אַרײַנגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. אין דער צעטומלעניש, בײַם פאַרלאָזן אונדזער הויז אַזוי פּלוצלונג, האָט זי פאַרגעסן מיטצונעמען עפּעס פון עסנוואַרג, וואָס איז געווען לרוב אָנגעגרייט פון פריִער, און כאָטש איין טעפּל אָדער אַ טשײַניק. איז באַלד ניט געווען אַפילו פאַר די קינדער אַ ביסל וואַרעם וואַסער. אין דער איינציקער קיך איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ ריי. די וואָס האָבן געהאַט אַ כּלי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו קאָכן פריִער, מײַן ווײַב האָט געמוזט וואַרטן ביז ס׳וועט ווערן פרײַ בײַ עמעצן אַ טעפּל. די גוטע מאַמע פון מײַן שווּעגערינס שילערין איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט אַ כּלי, איז דאָס עסן, אין בעסטן פאַל, אַרויסגעקומען גאָר שפּעט בײַ נאַכט, ווען די ריי האָט זיך אויסגעשעפּט.

אויפן אַנדערן טאָג איז אָט די אומבאַקוועמלעכקייט שוין געווען נאָרמאַל.

## 2

# מיר אַנטלויפֿן פֿון געטאָ

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אויף די באַן־ליניעס. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דאָרט איז די סאַמע לײַכטסטע אַרבעט און מען קריגט נאָך דערבײַ אַ שײַן. אַז עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן די נערוונשפּיל מיט „קאָלירן״ — „ווײַסער שײַן״, „פּאַכשײַן״, שײַן מיט אַ „גוטן שטעמפּעלע״, האָב איך, ווי אַלע אַנדערע, אָנגעהויבן צו בײַטן די פּלעצער, אָבער אַלץ אַרום וואָקזאַל. ביז איך בין איין מאָל אַרײַנגעפֿאַלן צו אַ דײַטש פֿון באַן־דעפּאָ, אַ נאַצי און אַ רוצח, האָט ער מיך אַזוי צעשלאָגן, אַז איך בין קוים אַ לעבעדיקער אַרויס פֿון זײַנע הענט.

נאָך דעם פֿאַל האָב איך שוין געזוכט מיט אַלע מיטלען צו קריגן אַן אַרבעט ערגעץ צווישן ווענט. און אַ דאַנק אַט דעם צופֿאַל איז אַרויסגעקומען אַ שטיקל ישועה פֿאַר מײַן ווײַב און מײַנע צוויי מיידלעך: אַ ביסל געדיכטע זופּ, און זיי האָבן ניט געדאַרפֿט אָנקומען צו דער ריי אין דער ענגער קיך.

ס׳איז אַזוי געווען: אויפֿן באַן, לעבן וואָקזאַל, איז געווען אַ קיך, וווּ מען האָט אַ גאַנצן טאָג געקאָכט קעסלען זופּ פֿאַר די עשעלאָנען סאָלדאַטן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורך ווילנע צום פֿראָנט. מיט דער דאָזיקער קיך האָבן אָנגעפֿירט דײַטשע „פּרווילינס״ און ייִדן פֿון געטאָ האָבן געאַרבעט אַלס שקלאַפֿן. איך בין דאָרט געוואָרן אַ האָלצזעגער. אינעווייניק, אין קיך, האָבן געאַרבעט אַ פּאָר ייִדן בײַם וואַשן די קעסלען און בײַ אַנדערע אַרבעטן. זיי גופֿא האָבן שוין געהאַט זופּ איבער גענוג. זיי האָבן געזאָרגט, אַז די דרויסנדיקע זאָלן אויך האָבן אַ „מע־

נאַשקע״ זופּ. עס זענען אָבער געווען טעג, ווען די עשעלאָנען פלעגן זײַן שיטערע. איז שוין געווען פאַר אונדז אַלעמען אַ יום־טוב. מיר האָבן זיך דאַן אַלע איבערגעגעסן מיט זופּ. האָב איך זיך באַזאָרגט מיט אַ שפּאָרעוודיקער מענאַשקע און פאַר דער צײַט וואָס איך האָב דאָרט געאַרבעט האָבן שוין מײַנע בני־בית אויך געגעסן פון דער דײַטשער זופּ.

אָבער וואָס טויג מיר די זופּ, אַז איך האָב דאָרטן ניט געהאַט קיין גוטן שײַן מיט דעם דײַטשן שטעמפּעלע, וואָס האָט געזאָלט זיכערן דאָס לעבן, אין וועלכן מען האָט זיך נאָך געקלאַמערט מיט ציין און נעגל, מיט דער האָפענונג איבערצולעבן. האָב איך איבערגעלאָזן דאָס האָלצזעגן און די זופּ און גענומען לויערן ווידער אויף עפּעס אַ „גוטע״ אַרבעט און אַ „זיכערן״ שײַן.

אָט דאַן איז פאַר מיר אָנגעצייכנט געוואָרן דער וועג, וואָס האָט מיך סוף־כּל־סוף געפירט צום אַנטלויפן פון געטאָ בעת דער גזירה פון די געלע שײַנען.

צו ערשט בין איך אַרײַנגעפאַלן אַלס צענטער אין דער גרופּע אײַנבינדער, וואָס האָט געמאַכט די פאַרטונקלונג צו די פענצטער פון וואָקזאַל און אַלע דערנעבנדיקע געבײַדעס, וואָס די דײַטשן האָבן גע־האַט פאַרנומען. מיר האָבן זיך צוגעקליבן אַ זײַטיקן ווינקל אין גרויסן טונעל, וואָס האָט געפירט צו די פּעראָנען, און דאָרט האָבן מיר געהאַט די לאַבאָראַטאָריע צוצוגרייטן דאָס שוואַרצע פּאַפּיר מיט די הענגערס. אין טונעל האָבן מיר געהאַט ממש אַ גן־עדן. ניט מיר האָבן געזען אַ דײַטש פאַר די אויגן, ניט קיינער איז איבער אונדז געווען באַלעבאָס. מיר זענען דאַן געווען ספּעציאַליסטן און מיר האָבן געמאַכט „בוצלעכע״ זאַכן. עפּעס אַ קלייניקייט — די „פאַרדונקעלונג״. אויסער דעם וואָס מיר זענען ניט געווען אויפן אויג איז געווען דאָרט נאָך אַ וויכטיקע מעלה: פון צײַט צו צײַט פלעגט עמעצער זיך אַרויסכאַפּן אין דרויסן און דערטאַפּן בײַ אַ קריסט וואָס ניט איז פון עסנוואַרג, וואָס מען פלעגט דאָרט אין טונעל פאַרמאַלינעווען און צו ביסלעך, אין די

קאַלאַשעס פון די הויזן, אַרײַנטראָגן אין געטאָ, ווען ס׳איז געווען שטיל בײַם טויער.

פאַר מיר איז געווען דאָס גרעסטע גליק, ווען מיר האָט זיך געמאַכט צו קויפן בײַ אַ קריסט עטלעכע עפּל פאַר מײַנע קינדער. מײַן עלטסטע טעכטערל, מלכּהלע, איז דאַן אַלט געווען 8 יאָר און דאָס ייִנגערע, טײַבעלע, קנאַפּע 6. ווי אַלע קינדער אין געטאָ אין זייער עלטער האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען וואָס ס׳קומט פאַר מיט אונדז און זיי האָבן אויף זייער אופן מיטגעליטן מיט טאַטע־מאַמע. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט גלײַכן צו זייער גליק, ווען מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנגנבענען פאַר זיי, אין די קאַלאַשעס, צו איינציקע עפּל. אַז איך האָב זיי געגעבן די עפּל האָבן זיי זיך ניט גלײַך גענומען צום עסן. געהאַלטן צו ערשט אין די אויסגעדאַרטע הענטלעך, איבערגעלייגט פון איין הענטל אין צווייטן, זיך ניט פאַרגונען אויפצועסן מיט אַ מאָל. די מאַמע האָט אָפּ־געשניטן פּענעצלעך און זיי האָבן עס פּאַמעלעך געגעסן.

פון טונעל איז מײַן מאַרשרוט געווען אויף קאָלעיאָווע 15 — מײַן לעצטע אַרבעט־שטעלע אין ווילנער געטאָ.

אויף קאָלעיאָווע 15, אַנטקעגן וואָקזאַל, האָט לעצטנס געוווינט מײַן שוואָגער שלמה באַסטאַמסקי און אויף מײַן גורל איז אויסגעפאַלן צו אַרבעטן דווקא אין דער דירה פון מײַן שוואָגער אַלס באַדינער בײַ אַ דײַטשן פעלדפעבעל, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן מײַן רעטער.

אין דער זעלבער איינהייט האָבן געאַרבעט בײַ פאַרשיידענע אַר־בעטן נאָך עטלעכע צענדליק ייִדן פון געטאָ: טאַפּעצירערס, סטאָליערס, שלאָסערס און אַנדערע. און ווען ס׳איז געקומען די גזירה פון די געלע שײַנען און מיר האָבן זיך דערוווסט וואָס אונדז דערוואַרט, האָט יעדער אָנגעהויבן אָנצווענדן אַלע מיטלען, צו באַקומען אַ געלן שײַן. פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב ניט קיין שאַנסן, ווײַל די איינהייט האָט באַקומען צוגעטיילט זייער ווייניק שײַנען, אַזוי אַז נאָר די סאַמע „נייטיקסטע" ייִדן וועלן קאָנען בלײַבן אַרבעטן און זיי וועט מען פאַר־טיילן די געלע שײַנען.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען מיט מײַן פֿאַמיליע. איידער וואָס ווען מוז איך תּיכּף אַרויסנעמען מײַן פֿרוי מיט די קינדערלעך פֿון געטאָ און זיי ברענגען קודם־כּל אויף דעם הויף, ווו איך האָב געאַרבעט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און מײַן אויג איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַץ, ווו מיר וועלן זיך קאָנען אַלע פֿאַרשטעקן אויף אַ פּאָר טעג, ביז מיר וועלן געפֿינען עפּעס אַן אויסוועג.

אויפֿן דאָזיקן הויף האָט שלמה באַסטאָמסקי געהאַט אַ גרויסן סקלאַד פֿאַר די ביכער פֿון זײַן פֿאַרלאַג און צו אונדזער גליק זענען נאָך די ביכער ניט גערירט געוואָרן פֿון די נײַע באַלעבאַטים. די טירן פֿון סקלאַד זענען געווען פֿאַרמאַכט בלויז אויף אַ פֿאַררוקער. אָט דאָ, אין דעם סקלאַד, האָב איך באַשלאָסן צו ברענגען מײַן פֿרוי מיט די קינדערלעך און זיי פֿאַרבאַהאַלטן הינטער די ביכער.

אגב, דער דאָזיקער סקלאַד מיט די ייִדישע לערן־ און לייען־ביכער פֿון באַסטאָמסקיס פֿאַרלאַג „די נײַע ייִדישע שול" איז געווען אַן אמתער קוואַל פֿאַר די קינדער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסשול אין געטאָ, ווו די קינדער האָבן געלערנט ביז ס'האָבן זיי דערגרייכט די רוצחישע הענט. די ביכער האָבן ייִדן ביסלעכווײַז פֿאַרבאַהאַלטן פֿון אַ בייז אויג, אונטער די בגדים אַרײַנגעטראָגן אין געטאָ, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון דער אַרבעט.

אַזוי ווי מיר זענען געבליבן אויף גאַטס באַראַט האָט מײַן שוועגערין חיימסאָן־באַסטאָמסקי, די באַקאַנטע לערערין אין ווילנער רעאַל־גימנאַזיע און מיטשאַפֿערין פֿון די לערנביכער צוזאַמען מיט איר מאַן שלמה, אונדז פֿאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן בײַ איר איבערלאָזן אונדזערע צוויי קינדער. זי האָט שוין געהאַט אַ צוזאָג פֿון יודענראַט, אַלס אינ־ספּעקטאָרין איבער דער פֿאָלקסשול אין געטאָ, צו באַקומען דעם געלן שײַן.

אין דעם מאָמענט איז עס געווען די איינציקע זיכערע מעגלעכקייט צו ראַטעווען דערווײַל אונדזערע קינדער, אין דער צײַט ווען אונדזער ביידנס גורל איז נאָך געהאָנגען אין דער לופֿטן.

דאָס עלעטסטע טעכטערל איז נאָך פון פריִער געווען זייער צוגע־בונדן צו איר, האָט זי איינגעשטימט צו בלייבן. אָבער דאָס ייִנגערע, טייבעלע, וואָס איז דאַן אַלט געווען 6 יאָר, האָט בשום אופן ניט גע־לאָזט זיך איינריידן צו בלייבן מיט דער מומען.

אַרויסצוגיין מיטן קינד פון געטאָ איז געווען ביז גאָר שווער. מיר האָבן דעריבער געמוזט אויסגעפינען אַ זיכערן וועג.

צוויי טעג פאַר דער גרויסער שחיטה (די „אַקציע פון די געלע שיינען”) זענען מיר אַלע בשלום אַרויס פון געטאָ און איך האָב זיי גע־בראַכט אין הויף פון מיין אַרבעטספּלאַץ, ווו ס׳איז אונטערן הויז געווען אַ קעלער. דאָרט האָב איך זיי דערווייל אַראָפּגעפירט און דערנאָך אַרויפגעגאַנגען צו מיין אַרבעט.

נאָך דער אַרבעט בין איך אַרונטערגעגאַנגען אין קעלער, אָפּגע־וואַרט ביז עס איז געוואָרן טונקל אין דרויסן און דאַן האָבן מיר זיך אַריינגעשלייכט אין סקלאַד פון די ביכער.

מיר ליגן אין סקלאַד פאַרבאַהאַלטן הינטער אַ באַרג מיט אָנגע־וואָרפענע ביכער און מיין קאָפּ ווערט צעשפּאָלטן פון צוטראַכטן פּלע־נער, וואָס מיר זאָלן ווייטער טאָן און ווו מיר זאָלן זיך אַהינטאָן.

מיט אַ מאָל, דאָס האָט געמוזט זיין שפּעט ביי נאַכט, האָבן מיר דערהערט ווי עס איז אויפן הויף, נאָענט פון דעם סקלאַד, ווו מיר זענען געלעגן, צוגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל און געבליבן שטיין. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ שטיל שעפּטשערייַ און אַ באַוועגונג, און ווידער אַ גערויש פון דעם אָפּפאָרנדיקן אויטאָמאָביל.

איידער ס׳איז געוואָרן ליכטיק האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם סקלאַד און אַרונטער ווידער אין קעלער, כּדי אָפּצוּוואַרטן ביז די אַרבע־טערס וועלן קומען פון געטאָ און צוזאַמען מיט זיי אַרויפגיין צו דער אַרבעט. ערשט אַרומגייענדיק אין גרויסן קעלער האָב איך זיך אין דער פינצטער אָנגעשטויסן אויף מענטשן, וואָס זענען געלעגן אויס־געלייגט אויף דער ערד.

3

# פעלדפעבעל אַנטאָן שמידט

אַ ביסל שפּעטער איז פֿאַר מיר אויפֿגעקלערט געוואָרן דער סוד פֿון דעם אָפּפֿאָרנדיקן אויטאָמאָביל בײַ נאַכט.

איך בין געוווּיר געוואָרן, אַז אין דעם אויטאָ זענען אָפּגעפֿאָרן קיין וואָראָנאָווע אַנטלאָפֿענע פֿון געטאָ. מער קיין מענטשן האָבן ניט געקענט אַרײַן אין אויטאָ, זענען די איבעריקע געבליבן וואַרטן ביז בײַ נאַכט, צו פֿאָרן מיט אַ צווייטער גרופּע. ערשט אַרויפֿקומענדיק צו מײַן אַרבעט האָט מיר מײַנער אַ פֿרײַנד פֿאַרטרויט אַ סוד, אַז מײַן באַלעבאָס פֿירט אַריבער יעדע נאַכט אין זײַן אויטאָ ייִדן קיין וואָראָנאָווע.

ווי איך האָב דאָס דערהערט האָב איך דערפֿילט, אַז פֿאַר אונדז האָט פּלוצעם זיך געוויזן אַ שטראַל פֿון רעטונג. איך האָב גלײַך געוואָלט אָנזאָגן מײַן פֿרוי די נײַעס, אָבער איך האָב שוין ניט געקאָנט אַרײַן אין סקלאַד, ווײַל אויפֿן הויף האָבן זיך אַרומגעדרייט דײַטשן, און איך האָב געמוזט וואַרטן ביז אָוונט.

ווען איך בין אַרויפֿגעגאַנגען צו מײַן אַרבעט האָב איך זיך צו קיין זאַך ניט געקענט צורירן, ווי די הענט וואָלטן בײַ מיר געווען געליימט. איך האָב געוואַרט אויפֿן אָנקום פֿון מײַן באַלעבאָס, דעם פֿעלדפֿעבעל שמידט. איך האָב זיך כּסדר אַרומגעדרייט לעבן זײַן צימער און גע־טשאַטעוועט אויף אים. ערשט נאָך מיטאָג האָב איך אים דערזען גייענדיק צו זיך אין זײַן צימער. כ׳בין באַלד צו אים צוגעגאַנגען און אים גע־זאָגט, אַז איך האָב אים עפּעס וואָס צו פֿרעגן. ער האָט מיר געהייסן אַרײַנגיין מיט אים אין צימער.

אָן הקדמות בין איך גלײַך אַרויס מיט לשון און אים קורץ געזאָגט, וואָס איך פֿאַרלאַנג פֿון אים. ער האָט קיין צוויי ווערטער ניט איבער־גערעדט און מיר געהייסן זײַן גרייט אויף איינס אַ זייגער בײַ נאַכט און וואַרטן אין קעלער ביז ער וועט קומען מיט זײַן מאַשין.

דורך אַ באַקאַנטן האָב איך געשיקט אַ בריוועלע צו מײַן שוועגערין חיימסאָן־באַסטאַמסקי און איר איבערגעגעבן וועגן פעלדפעבעל שמידט און וועגן אונדזער פּלוצעמדיקן אָפּפאָרן קיין וואַראַנאָווע.

אַלץ איז געשען אַזוי אומגעריכט! מיטגעריסן מיטן אויסשליסלעכן געדאַנק צו געפֿינען אַ וועלכן עס איז אויסוועג אין אונדזער פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע האָבן מיר זיך אַפּילו אויף אַ האָר ניט פֿאַרטראַכט ווו מיר לאָזן זיך פֿירן, בעת מיר האָבן אַפּילו ניט געוווּסט, צי דאָרט, אין וואַראַנאָווע, וועט זײַן אַנדערש ווי אין ווילנע? דאָרטן זענען דען ניט פֿאַראַן די זעלבע דײַטשן? אָבער ווי באַלד מענטשן לאָזן זיך פֿירן פֿונעם דאָזיקן דײַטש, איז וואָס האָבן מיר אַרײַנצוטראַכטן?

מיר האָבן געציילט די מינוטן עס זאָל שוין ווערן נאַכט. ווי מיר האָבן דערהערט דעם גערויש פֿון אויטאָ האָבן מיר זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון סקלאַד. בײַ דער מאַשין איז שוין געשטאַנען אַ היפּשע גרופּע מענטשן. מען האָט זיך געשטופּט און געקלאַמערט מיט אַלע כּוחות פֿריִער זיך אַרײַנצובאַקומען אינעווייניק, אויס מורא צו בלײַבן אין דרויסן. אין געציילטע מינוטן איז די מאַשין געווען פֿול געפּאַקט. מען איז גע־לעגן איינע אויף די אַנדערע.

ס׳האָבן זיך געהערט פֿאַרשטיקטע קרעכצן פֿון די וואָס זענען געלעגן אונטן. די מאַשין האָט זיך געטראָגן מיט דער גרעסטער שנעל־קייט איבער די שלעכטע וועגן און ס׳האָט זיך אונדז כּסדר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט און מיר קערן זיך איבער צוזאַמען מיטן אויטאָמאָביל. ס׳איז ניט געווען קיין ברעקל לופֿט אין דער פֿאַרמאַכטער מאַשין, און ס׳איז געווען אַ נס, וואָס קיין איינער איז ניט דערשטיקט געוואָרן אויפֿן וועג.

נאָך האַלבער נאַכט זענען מיר אויסגעשעפּטע, סיי פֿונעם וועג און סיי פֿון שרעק, אָנגעקומען אין וואַראַנאָווע.

אַ קליין שטעטל, ווו עס האָבן געוווינט ביז דער מלחמה אַן ערך אַ דרײַ טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט, קליינהאַנדל און מלאכה.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי איינעם פֿון די ערשטע ייִדישע הײַזער בײַם אַרײַנפֿאָר אין שטעטל. כאָטש עס איז געווען האַלבע נאַכט האָבן מיר נאָך געטראָפֿן אַלע מאַנסבילן פֿונעם הויז וואַך. כּדי ניט אַרויסצורופֿן קיין חשד בײַ דער שטעטלשער פּאָליציי, האָבן די מענער פֿונעם הויז אונדז באַלד גענומען פֿונאַנדערטיילן צו צוויי־דרײַ פֿערזאָן אין דערבײַיִקע ייִדישע הײַזער.

צום לויב פֿון די וואָראָנאָווער ייִדן דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז זייער גאַסטפֿרײַנדלעכקייט האָט אונדז ממש גערירט. קיינער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט אַרײַנצולאָזן צו זיך אין הויז אַזוי פֿיל, פֿאַר וויפֿל זיי האָבן געהאַט פּלאַץ צו שלאָפֿן, ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואָס עס איז געווען אַ היפּשע מאָס ריזיקע צו האַלטן בײַ זיך פֿרעמדע ייִדן, בפֿרט נאָך, ווי מיר האָבן זיך באַלד דערוווּסט, אַז די שטעטלשע ווײַס־רוסישע פּאָליציי האָט שוין אָנגעהויבן קוקן מיט חשד אויף די אָנקו־מענדיקע פֿרעמדע ייִדן.

מיר זענען אַרײַנגעפֿירט געוואָרן צו אַ באַלעבאַטישער ייִדישער פֿאַ־מיליע, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט ערדאַרבעט. זיי האָבן אונדז אָפּ־געגעבן איינעם פֿון זייערע צימערן אין דער ניט־גרויסער ווױנונג און האָבן זיך באַמיט, ווי ווײַט מעגלעך, מיר זאָלן זיך פֿילן היימיש.

דעם ערשטן טאָג זענען מיר דערשטוינט געווען, ווי אַזוי עס איז דאָרט נאָך אָנגעגאַנגען דאָס לעבן פֿון די ייִדן. אין פֿאַרגלײַך מיטן גיהנום אין ווילנע, פֿון וועלכן מיר זענען אָקערשט אַנטלאָפֿן, האָבן מיר געהאַט דאָס געפֿיל, ווי מיר וואָלטן פּלוצעם אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אַנדער וועלט.

4

# וואָראָנאָווע

קיין געטאָ איז דאָ ניט געווען און אַלע ייִדן זענען נאָך געזעסן אין זייערע הײַזער. די מאַרק־פּרײַזן אויף עסנוואַרג: ברויט, מילך און פלייש זענען דאָ, לגבי די לעגענדאַרע פּרײַזן, וואָס מיר האָבן נאָך נעכטן געהאַט געצאָלט אין ווילנער געטאָ, אויסגעקומען ביליק ביז גאָר.

אָט דאָס אַלץ האָט אויף אונדז געמאַכט אַן אומגעהײַערן אײַנדרוק אין די ערשטע שעהען נאָך אונדזער אָנקומען אין וואָראָנאָווע. עס האָט זיך אונדז נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלייבן — סך־הכּל זעכציק קילאָמעטער פון ווילנע און וואָס פאַר אַן אונטערשיד. דאָרט, אין ווילנע, זייען נאַצישע מערדערס טויט און פאַרוויסטונג, און דאָ — אַ גן־עדן, ווי קיין דײַטשן וואָלטן דאָ גאָרניט געווען. און מיר האָבן צווישן זיך גערעדט: אָ, ווען אין ווילנער געטאָ וואָלט מען עס פריִער געוווּסט, צו פוס וואָלט מען דאָך אַהער געלאָפן. און מיר האָבן קיין אַנונג ניט געהאַט פונעם בייז, וואָס עס גרייט זיך דאָ פאַר די אַנטלאָפענע ווילנער ייִדן.

אין שטעטל האָבן זיך געפונען אין גאַנצן אַ פּאָר צענדליק דײַטשישע סאָלדאַטן, און צוזאַמען מיט דער פאַשיסטישער ווײַסרוסישער פּאָליציי פלעגן זיי אָנטאָן די וואָראָנאָווער ייִדן ניט ווייניק נגישות, אָבער פון קיין מאַסן־מערדערײַ האָבן זיי נאָך דאָ ניט געוווּסט. זיי האָבן געטריבן די ייִדן אויף אַרבעט, געשלאָגן, אויסגעפּרעסט געלט.

יעדע נאַכט פלעגט דער זעלבער דײַטשישער פעלדפעבעל שמידט, וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט, ברענגען אין זײַן אויטאָמאָביל נײַע

גרופּעס, און אין געציילטע טעג זענען שוין דאָ געווען אַריבער 300 ווילנער ייִדן.

האָבן מיר באַשלאָסן צו ברענגען אַהער אונדזער עלטער טעכטערל, מלכּהלען. מיר האָבן זי איבערגעלאָזט בײַ אונדזער שווענערין חיים־סאָן, אין געטאָ. איך האָב געוואַרט אויף דעם דײַטש מיטן אויטאָמאָביל די קומענדיקע נאַכט, כּדי מיט אים צוריקפאָרן און ברענגען דאָס קינד אַהער צוזאַמען מיט דער שווענערין, אויב זי וועט וועלן מיטפאָרן.

דאָס איז געווען דעם 1טן נאָוועמבער 1941. אין דער דאָזיקער נאַכט איז דער דײַטש ניט געקומען, אויך ניט די צווייטע נאַכט. האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט געמוזט געשען און פון דעם פּלאַן אַהער צו ברענגען אונדזער טעכטערל איז גאָרניט געוואָרן.

פּליטים פון ווילנע האָבן שוין געהאַט געבראַכט די טרויעריקע גרוסן פון דער מוראדיקער שחיטה, וואָס איז פאַרצייכנט געוואָרן ווי „די שחיטה־נאַכט פון די געלע שײַנען".

די 300 ווילנער ייִדן האָבן באַלד געצויגן אויף זיך די אויפמערק־זאַמקייט פון די שטעטלשע דײַטשן און פון דער ווײַסרוסישער פּאָליציי. און טאַקע אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אַ פאַראָרדענונג צום יודענראַט, אַז אַלע פרעמדע, וואָס זענען אָנגעקומען אין שטעטל, מוזן אין משך פון צען טעג זיך רעגיסטרירן אין דער אָרטיקער גמינע.

דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פאַר די אַנטלאָפענע ווילנער, אַז עס לויערט דאָ אויף זיי אַ סכּנה. אַזוי האָט אויך געהאַלטן דער באַלעבאָס פון הויז, ווו מיר זענען געווען, און ער האָט אונדז געעצהט, אַז מיר זאָלן גאָרניט וואַרטן און זען צו זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו אַנטלויפן קיין לידע, אין גאַנצן 32 קילאָמעטער פון דאַנען. לידע, האָט ער גע־זאָגט, איז אַ גרעסערע שטאָט, מיט קרוב 7 טויזנט ייִדן, וועלן זיך פרעמדע אַזוי ניט וואַרפן אין די אויגן דער אָרטיקער מאַכט.

דאָס איז טאַקע געווען אַ ריכטיקע עצה. און טאַקע באַלד איז דער באַלעבאָס מיט מיר געגאַנגען צו זײַנעם אַ באַקאַנטן פויער וועגן דעם ענין. דער פויער האָט זיך לכתחילה געקווענקלט, אויסדריקנדיק זײַן

מורא צו פאָרן מיט ייִדן, אָבער ווען מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר וועלן אַרויספאָרנדיק פון שטעטל אַרונטערנעמען די געלע לאַטעס פון אונדזערע בגדים און ווען מיר האָבן אים אָנגעבאָטן אַ פײַנע סומע געלט פאַר זײַן טירחה, איז ער אײַנגעגאַנגען און מיר האָבן אָפּגערעדט אויף זונטיק פאַר טאָג אַרויסצופאָרן, — פאָליציי שלאָפט דאַן נאָכן שיכּורן אַ גאַנצע נאַכט.

דאָס איז געווען פרײַטיק. אַרום 10 אין דער פרי בין איך אַרײַן צו אונדזערע באַקאַנטע ווילנער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ הויז אויף אַ דערבײַיִקער גאַס, אַ האַרך צו טאָן, וואָס מען רעדט וועגן דער רעגיסטראַציע, און צי עס האָט זיך שוין ווער פון אונדזערע רעגיס־טרירט.

ווי מיר זיצן אַזוי, יעדער פאַרזאָרגט צוליב דער בייזער שעה, וואָס רוקט זיך אָן אויף אונדז, ווילנער, קומט אַרײַן דער באַלעבאָס פון הויז א טויט־בלאַסער און מיט שרעק אין די אויגן און ער גיט אונדז איבער די בשׂורה, אַז פּאָליציי טרײַבט אַלעמען אין די הײַזער און האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל זיך ניט געפינען אין גאַס. אין קעגנפאַל — וועט מען דערשאָסן ווערן.

די דאָזיקע ידיעה האָט קלאָר געמאַכט, אַז עס גרייט זיך עפּעס קעגן אונדז. זענען מיר אַלע געבליבן זיצן צעשראָקענע, צעטומלטע, ווי פאַרמישפּטע.

— וואָס זאָל איך אַצינד טאָן? ווי גיי איך איצט צו מײַן ווײַב און קינד? — האָב איך געטענהט אין פאַרצווייפלונג — אין אַזאַ מאָמענט מוז איך דאָך זײַן מיט זיי צוזאַמען.

דער באַלעבאָס פון הויז האָט מיך געוואָרנט ניט צו גיין, „דאָס איז אַ זיכערער טויט, — האָט ער געזאָגט, — און ווײַטער קען מען נאָך גאָרניט וויסן, אפשר וועט מען אָפּקומען מיט שרעק". און ווענדנדיק זיך ווידער צו מיר האָט ער געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך געהער ניט צו דעם הויז, זאָל איך בעסער דערווײַל אַרײַנגיין אין שטאַל און זיך באַ־האַלטן אינעם היי. אַזוי האָב איך געטאָן.

איך בין אָפּגעלעגן אינעם היי ביז אָוונט און אויסגעקוקט מיט אומגעדולד, עמעצער פון הויז זאָל שוין אַרײַנקומען אין שטאַל, כּדי צו דערוויסן זיך וואָס עס איז געשען.

אַרײַנגעקומען איז דער באַלעבאָס. ער האָט מיר געהייסן אַרויס־קריכן פונעם היי און מיר אין דער שטיל דערציילט:

די ווײַסרוסישע פּאָליציי און די דײַטשן זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און צונויפגענומען אַלע פרעמדע ייִדן, וואָס זענען די לעצטע צײַט געקומען אין שטעטל און אַלעמען פאַרשפּאַרט אין בנין פון קינאָ־טעאַטער און קיינער וויס ניט וואָס מיט זיי וועט זײַן. קיין שטעטלשע ייִדן האָבן זיי ניט געטשעפּעט. דערביי האָט ער מיר געמאָלדן, אַז איך מוז תּיכּף פאַרלאָזן די שטאַל, ווײַל די דײַטשן האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלן גיין מאַכן נאָך אַ מאָל רעוויזיעס אין די הײַזער און בײַ וועמען מען וועט געפינען אַ פרעמדן, וועט דערשאָסן ווערן די גאַנצע פאַמיליע פון הויז.

דערהערנדיק די פינצטערע בשורה האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין. דער ייִד האָט זיך באַמיט מיך צו טרייסטן, אַז מ׳וועט די פאַרהאַלטענע וואַרשײַנלעך שיקן אויף אַרבעט, אַזוי ווי ס׳אַרבעטן די שטעטלשע ייִדן און דערנאָך וועט מען זיי מסתּמא באַ־פרײַען... מײַן האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז מיט זיי איז שלעכט.

איך האָב געפרעגט בײַ אים אַן עצה, וואָס איך זאָל טאָן און וווהין זאָל איך איצט גיין? איך האָב קוים געפּועלט בײַ אים, אַז ער זאָל מיר לאָזן פאַרבלײַבן נאָך איין נאַכט אין שטאַל. דערבײַ האָב איך אים גע־זאָגט, אַז ער זאָל ניט פאַרשליסן די טיר, אין פאַל ווען די פּאָליציי וועט מיר דאָ כאַפּן, וועט עס הייסן אַז איך בין אַליין אַרײַן אין שטאַל זיך באַהאַלטן, אָן זײַן וויסן.

ער האָט ניט געהאַט קיין האַרץ מיר אָפּצוזאָגן, זעענדיק מײַן פאַר־צווייפלונג, און ער האָט מיר געהייסן זיך נאָך טיפער באַהאַלטן אינעם היי.

די נאַכט האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר. עס האָט מיר געהאַקט אַ צאָן

אין אַ צאָן. קוים זיך דערוואַרט עס זאָל ווערן טאָג, כ׳זאָל זיך קענען עפּעס דערוויסן וועגן גורל פון די אַרעסטירטע.

פאַר טאָג האָב איך זיך אומבאַמערקט אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב, ווו מיר זענען געווען צוזאַמען מיט מײַן פרוי און קינד. אַז די באַלע־באַטים האָבן מיך דערזען האָבן זיי זיך פונאַנדערגעוויינט און האָבן מיר דערציילט, ווי אַזוי מען האָט צוגענומען מײַן פרוי און מײַן קינד, מײַן טײַבעלען. זיי האָבן מיר אויך געוואָרנט, אַז ס׳איז אַ געפאַר סײַ פאַר מיר און סײַ פאַר זיי, אַז איך זאָל דאָ בלײַבן אַן איבעריקע מינוט, אַז ס׳איז די גלײַכסטע זאַך איך זאָל נאָך הײַנט פאַרשווינדן פון שטעטל, ווײַל מען וועט זיכער זוכן אין אַלע הײַזער באַהאַלטענע ווילנער. זיי האָבן מיר געראָטן, איך זאָל צו פוס אַוועק קיין לידע.

אָבער די פראַגע איז איצט געווען: ווי אַזוי גייט מען אַרויס, בעת דאָס שטעטל איז אַרומגערינגלט פון פּאָליציי?

איך האָב בײַ זיי געפּועלט, אַז איך זאָל זיך ביז נאַכט באַהאַלטן אין שטאַל אונטערן היי און בײַ נאַכט וועלן זיי מיר ווײַזן אַ זײַטיקן וועג אַרויסצוגיין פון שטעטל. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט צו טאָן פאַר מײַן פרוי מיטן קינד אַלץ וואָס עס וועט זיך לאָזן, כדי אַרויסצונעמען זיי פון די פּאָליציישע הענט און וועלן אַפילו ניט זשאַלעווען זייער געלט, אויב דאָס זאָל העלפן.

שפּעט בײַ נאַכט האָט מיך דער באַלעבאָס אַראָפּגערופן פון בוידעם און ער האָט מיך אומבאַמערקט פון קיינעם דורכגעפירט מיטן פעלד אויף דער צווייטער זײַט שטעטל און מיר אָנגעזאָגט צו גיין נאָר מיט די פעלדער און וועלדער, ביז איך וועל דערגיין קיין לידע.

אַ גאַנצע נאַכט און דערנאָך אַ גאַנצן טאָג און ווידער אַ נאַכט האָב איך געבלאָנדזשעט איבער די בלאָטיקע פעלדער און וועלדער, אָן אַ ביסן אין מויל, ווײַל איך האָב מורא געהאַט אַרײַנצוגיין צו אַ פּויער אין הויז בעטן עפּעס צו עסן, טאָמער טרעף איך דאָרט דאָרפישע פּאָליציי.

פאַר טאָג בין איך מיט די לעצטע כוחות, אַ הונגעריקער און אויס־

געשעפּטער אָנגעקומען אין לידע. צו מײַן גליק האָב איך געטראָפן אויף דער גאַס אַ ייִד, וועלכער האָט מיך גלײַך אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב, זעענדיק אַז איך גיי אָן אַ געלער לאַטע, ווײַל פאַרן דאָזיקן פאַרברעכן פלעגט מען דאָ דערשיסן. אין שטוב האָב איך אים דער־ציילט מײַן גאַנצע טרויעריקע איבערלעבונג און געפרעגט אַן עצה, וואָס איך זאָל דאָ טאָן און צו וועמען איך זאָל זיך ווענדן.

לידע איז געווען אַ שטאָט מיט אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 30 טויזנט איינוווינער, צווישן זיי 13 טויזנט ייִדן. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דאָרט געשפּרודלט אַ ייִדיש קולטור־געזעלשאַפט־לעך לעבן. איצט איז דער גאַנצער שטאָטצענטער געשטאַנען אין חור־בות. פון די 13.000 ייִדן זענען דאָ געבליבן 7.000.

5

## פון איין גיהנום אין אַ צווייטן

ווען איך בין אָנגעקומען אין לידע איז נאָך דאָרט ניט געווען קיין געטאָ. אַזוי ווי דער יידי, צו וועמען איך בין פאַר טאָג אַרײַנגעפאַלן, האָט מיר ווייניק געקאָנט העלפן, האָט ער מיר געראָטן איך זאָל זיך ווענדן צו איינעם פון די פאָרשטייערס פון יודענראָט און ער האָט מיר געגעבן זײַן אַדרעס. נאָך דעם ווי ער האָט מיר באַזאָרגט מיט די געלע לאַטעס, פון פאָרנט און פון הינטן, ווי דער געזעץ האָט געפאָדערט, בין איך אַוועק לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס.

ער האָט געהייסן אילוטאָוויטש, אַ חשובער געזעלשאַפטלעכער טוער אין לידע נאָך פון פאַרן קריג. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַט דער אילוטאָוויטש האָט געהאַט אַן איידעם אַ דאָקטאָר, לעווינסאָן, וועל־כער האָט געוווינט צוזאַמען מיט אים אין דער זעלבער וווינונג, און אַט דער דאָקטאָר האָט מיך געקענט נאָך פון ווילנע, בעת ער האָט שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט. ער איז געווען אַן אָפטער אַרײַנ־גייער אין „ווילנער טאָג״, וווּ איך האָב געאַרבעט אַלס זעצער. ווי באַלד אַזוי, האָב איך דאָך גוט אַרײַנגעטראָפן — צווישן באַקאַנטע פילט מען זיך דאָך היימישער אין אַ פרעמדער שטאָט — בפרט נאָך אין אַזאַ צײַט און אין אַזאַ לאַגע.

זיי האָבן מיך אויפגענומען אַזוי ווי אַן אייגענעם. און נאָך מײַן דערציילן זיי וועגן מײַן גאַנצער טרויעריקער דערפאַרונג אין וואָראָ־נאָווע האָבן זיי מיך באַרויִקט און פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן טאָן פאַר מיר אַלץ וואָס מען דאַרף אין איצטיקן מאָמענט, קודם־כּל, איך זאָל

דאָ ווערן צוגעשריבן ווי אַ היגער אײַנוווינער און אַז דערווײַל זאָל איך זײַן בײַ זיי.

עס איז מיר אָבער ניט אײַנגעגאַנגען דאָס לעבן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אָט די פרײַנדלעכע מענטשן זענען געווען צו מיר אַזוי גוט.

מײַן פרוי און קינד האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די רוצחים און איך האָב זיי ניט געקאָנט ראַטעווען. די קאַרגע ידיעות וואָס פלעגן קומען פון וואָראָנאָווע האָבן בײַ מיר צוגענומען די האָפענונג, אַז איך וועל זיי נאָך ווען עס איז זען.

צוליב די טרויעריקע געשעענישן אין וואָראָנאָווע האָט דער שטראָם אַנטלאָפענע פון ווילנע אָנגעהויבן גיין קיין לידע, און אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט שוין לידע געהאַט ביז טויזנט ווילנער פּליטים.

די פּאַטאַלע דערפאַרונגען פון וואָראָנאָווע און די מורא אַז אויך דאָ זאָל זיך אַ מאָל ניט איבערחזרן דאָס זעלבע האָבן אונטערגעזאָגט די רעטונג — ווערן אמתע לידער בירגער. גראָד דאַן איז אויסגע־פאַלן די צײַט ווען די גמינע האָט אַרויסגעגעבן די לידער אײַנוווינער פּעסער, און אַזוי ווי די שטאָט איז געווען כמעט אין גאַנצן פאַרברענט און די פריערדיקע מעלדונגביכער זענען פאַרשוווּנדן, איז געווען גענוג בלויז אָנצוווײַזן אויף אַ פאַרברענט הויז, אין וועלכן מ׳האָט כלומרשט געוווינט. דערבײַ האָט דער יודענראַט אויך אונטערגעקויפט אַ פּאָר באַאַמטע פּאָליאַקן פון פּעסער־אָפּטייל. די וועלכע האָבן געהאַט אַ פאַר־דאַכט, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט — האָט מען געמוזט „פאַרשמירן״. אַזוי אַרום האָבן אַלע ווילנער פּליטים באַקומען לידער פּעסער און זענען געוואָרן לעגאַלע לידער אײַנוווינער.

דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער ערשטער לידער יודענראַט האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן די ווילנער פּליטים זיך אײַנבירגערן, באַצאָלנדיק אַפילו פאַר די וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין געלט צו דעקן דעם באַטרעף פאַרן פּאַס. פאַר אָט דער הילף (אַ ידישער אויס־וווּרף האָט וועגן דעם געמסרט דער דײַטשער מאַכט) האָבן די מיט־גלידער פון יודענראַט באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

אין געטאָ האָב איך באַקומען אַ ווינקעלע אין אַ צימער, ווו עס האָבן געוווינט, צוזאַמען מיט מיר, אַכט פּערזאָן. אין פאַרגלייך מיט די וווינונגס־באַדינגונגען אין ווילנער געטאָ האָט מען עס געקענט באַטראַכטן פאַר גענוג באַקוועם. אין אַזאַ צימער זענען מיר אין ווילנער געטאָ געווען 23 פּערזאָן.

בעת יעדער איז געווען פאַרטאָן מיטן איינאָרדענען זיך אין אַ ווינקל, אין אַ צימער, כדי ווי ס׳איז צו לעבן אין געטאָ, מיט דער האָפע־נונג צו דערלעבן די באַפרייונג, זענען פאַר מיר ווייטער אַנגעגאַנגען די טרויעריקע טעג. איך פלעג אַרומגיין ווי אַ שאָטן און כסדר זיך נאָכפרעגן צי עמעצער האָט עפּעס וואָס געהערט פון וואָראָנאָווע.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָבן יידן וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ געטראָפן אַ פויער פון וואָראָנאָווע און פון אים האָט מען זיך דערוווּסט דעם טראַגישן סוף פון די צונויפגענומענע ווילנער פּליטים, וואָס זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דאָרטיקן קינאָזאַל.

אַזוי איז מן־הסתם געחתמעט געווען, אַז מיין ווייב מיט מיין יונג טעכטערל זאָלן אומקומען על קידוש השם אין וואָראָנאָווע נאָך איידער אונדזערע נאָענטסטע זענען אַוועק אויף פּאָנאַר... זיי זענען שוין אָפּגע־קומען דעם גיהנום אויף דער וועלט, אָבער מיין בעכער מיט פּיין איז אַ פּנים נאָך ניט געווען פול... דער גורל האָט צוגעטראַכט, אַז מיין פרוי זאָל אומקומען אין 10טן יאָרטאָג פון אונדזער חתונה. אין יענעם טאָג, מיט 10 יאָר צוריק, געדענק איך, איז פאָרגעקומען אין ווילנע אַ פּאָגראָם אויף יידן, נאָכן דערמאָרדן דעם סטודענט־פּאָגראָמשטשיק וואַצלאַווסקי.

שווער איז מיר געווען צוגעוווינען זיך צו דעם געדאַנק, אַז מיין פרוי מיטן קינד זענען שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע, אָבער דאָס גע־פיל אַז כ׳האָב נאָך מיין עלטער טעכטערל מלכהלען אין ווילנע האָט מיך געשטאַרקט און איך האָב אָנגעהויבן ביסלעכווייז צוצופּאַסן זיך צום נייעם לעבן אין געטאָ.

דער באַפעל פון צוואַנגסאַרבעט : פאַר מענער פון 14 ביז 60 און

פּאַר פרויען פון 16 ביז 40 יאָר איז דאָ זייער שטרענג אויסגעפירט געוואָרן. אַזוי ווי איך האָב נאָך אין ווילנע געאַרבעט אויפן באַן, האָב איך אַליין געבעטן אין יודענראַט, אַז מען זאָל מיך שיקן אַרבעטן אויף דער באַן. איך האָב זיך בעת־מעשה ניט פאַרגעשטעלט אַז איך גיי אַליין אַרויפנעמען אויף זיך צרות. אויף דער באַן האָט מען מיך פון אָנהייב אַוועקגעשטעלט בײַם אויסלאָדן וואַגאָנען שטיינקוילן. דרײַ מאַן האָבן געמוזט אויסלאָדן מיט שופלעס אין משך פון 2 שעה אַ וואַגאָן שטיינקוילן. מען האָט דערבײַ געדאַרפט האָרעווען איבער די כּוחות, און דערצו פלעגט מען ווערן שוואַרץ פון דעם קוילנשטויב, וואָס פלעגט דערגיין ביז צו די אונטערוועש.

איך האָב געמיינט, אַז קיין ערגערע אַרבעט ווי די איז שוין גאָר ניטאָ, אָבער אין קורצן האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז די דאָזיקע אַרבעט איז גאָר געווען אַ „גוטע"...

איין מאָל האָט מען אין דעפּאָ ווו מען פאַררריכט די לאָקאָמאָטיוון געדאַרפט האָבן אַן אַרבעטער, האָב איך געדאַרפט דאָרט גראָד אַרײַנ־פאַלן.

דער שעף פון דעפּאָ, אַ דיקער דײַטש מיט אַן אָפּגעפּרעסענער מאָרדע, איז געווען אַן אכזר. מען האָט מיך צוגעטיילט אַרבעטן בײַם רייניקן די לאָקאָמאָטיוון. צען שעה אַ טאָג האָב איך געדאַרפט ליגן אונטער די לאָקאָמאָטיוון און רייניקן מיט טיכער, מיט דער גרעסטער דײַטשער פּינקטלעכקייט, יעדע באַזונדערע טייל פון דעם לאָקאָמאָטיוו. נאָך אַזאַ טאָג אַרבעט האָב איך קוים געקאָנט אויסגלײַכן מײַן רוקן און ניט געהאַט קיין כּוחות צו דערשלעפּן זיך ביזן געטאָ, — אַ מהלך פון 4 קילאָמעטער.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. איך פלעג ווערן אײַנגעשמירט אין פעטס, וואָס דאָס איז געווען נאָך ערגער פונעם קוילנשטויב. דער אייל פלעגט זיך גיסן פון די לאָקאָמאָטיוון און דורכנעמען דורך און דורך די בגדים. עס האָט זיך געפאָדערט נאָך דער אַרבעט אַ הייסע באָד מיט זייף, און וועגן דעם האָב איך נאָר געקאָנט חלומען. אין געטאָ

איז קיין באָד ניט געווען און אין דער באָד אויסער דער געטאָ איז געווען פאַרווערט אַרײַנצוגיין.

מיטאָג האָבן מיר געהאַט אַ האַלבע שעה. מיר האָבן באַקומען אַ האַלבן ליטער „זופּ״, געמאַכט פון עפּעס אַ מין מעל, איז דאָס געווען ביטער ווי גאַל. אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה און דאָס געגעסן. קיין אַנדער שפּײַז האָב איך ניט געהאַט, פלעג איך פון דעם הייסן „זופּ״ זיך כאַטש אַ ביסל אָנוואַרעמען בעת דער גרויסער קעלט. איך האָב זיך פאַרשאָלטן דאָס לעבן און געווײנט אויף מײַן ביטערן גורל. טעג און נעכט האָב איך נאָר געטראַכט, ווי אַזוי ווערט מען פּוטר פון אָט דער פאַרשאָלטענער אַרבעט.

אַליין אָוועקגיין פון דער אַרבעט האָב איך ניט געטאָרט, אַפילו בײַטן דעם אַרבעטפּלאַץ, — ס׳האָט געשמעקט מיט טויט. ניט קומען צו דער אַרבעט האָט מען געהאַט רעכט נאָר דאַן, ווען מען האָט געהאַט פיבער ניט ווייניקער פון 38, און צושטעלן צום אַרבעטפּלאַץ אַ צײַ־גניש פון אַ דאָקטאָר, פון דער אַמבולאַטאָריע בײַם יודענראַט. אָבער אַפילו אין אַזאַ פאַל פלעגן ניט אַלע דאָקטוירים וועלן ריזיקירן אַרויס־צוגעבן אַ קראַנקן־צעטל, צוליב דער מורא פאַר אַ קאָנטראָל. אַזעלכע קאָנטראָלן פלעגן פאָרקומען זייער אָפט.

דער טויט האָט אויך געדראָט פאַרן פאַרשפּעטיקן אייניקע מינוט צו דער אַרבעט. ניט ווייניק מענטשן האָבן פאַר דעם באַצאָלט מיטן לעבן. פאַר מײַן צײַט, וואָס איך האָב געאַרבעט אויף דער באַן, האָבן פּאַ־סירט אַזעלכע טרויעריקע פאַלן.

איין מאָל האָבן 10 ייִדן פאַרשפּעטיקט בלויז אויף אַ פּאָר מינוט, האָבן זיי אָבער געהאַט אַ גרויס גליק וואָס יעדער פון זיי איז אָפּגע־קומען מיט 25 שמיץ איבערן נאַקעטן לײַב.

אַ צווייטער פאַל האָט זיך געענדיקט גאָר טראַגיש. 15 מאַן האָבן פאַרשפּעטיקט אויף פופצן מינוט, האָט דער בלוטדאָרשטיקער שעף פון באַן גלײַך געמאָלדן טעלעפאָניש דער קאָמענדאַנטור. איז אַראָפּ־געקומען אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרמען, וועלכע האָט אָפּגעפירט די אומ־

גליקלעכע עטוואָס ווײַטער פון דעם פּלאַץ, ווו זיי זענען געשטאַנען. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט אַ סעריע קוילן פאַרענדיקט זייער לעבן.

נאָך אַ פאַל איז געווען. 11 ייִדן זענען ניט געקומען צו זייער אַרבעט, ווײַל זיי האָבן דעם טאָג געאַרבעט אויף אַ צווייטן פּלאַץ, פון וואַנען זיי האָבן שוין אַפילו געהאַט באַקומען שײַנען. דאָס האָט זיי אָבער ניט גע־האָלפן אויסצומיידן דעם טויט. דער יודענראַט האָט באַקומען אַ באַפעל פון דער פּאָליציי תיכף צוצושטעלן אַלע 11 מאַן אויף זייער פריִערדיקן אַרבעטפלאַץ. אין אַ ווײַלע אַרום זענען זייערע קערפּערס געווען דורכ־געלעכערט פון די רוצחישע קוילן. נאָך דעם האָט דער יודענראַט, אויפן באַפעל פון דער פּאָליציי, צוגענומען די טויטע קערפּערס און זיי מקבר געווען אויפן בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען לעבן געטאָ.

6

# אין לידער געטאָ

ס׳האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ לאַגע, אַז אין אַלגעמיין איז דאָ דאָס לעבן פֿון די ייִדן געווען אַנדערש ווי אין ווילנער געטאָ צוליב דעם וואָס קיין מאַסן־שחיטות, ווי די נאַציס האָבן אין יענער צײַט דורכגעפֿירט אין ווילנע, ווי אויך אין גאַנץ ליטע, זענען דאָ נאָך ניט געווען, חוץ איין מאָל, גלײַך בעת זייער אַרײַנמאַרש אין לידע. 150 ייִדן האָבן זיי דאַן דערשאָסן פֿון די געכאַפּטע 300, די איבעריקע האָבן זיי אָפּגעלאָזט אַהיים.

דער שטן איז אונדז נאָכגעגאַנגען אויף יעדן טריט און שריט, סײַ בײַ דער אַרבעט, סײַ אויפֿן וועג צו דער אַרבעט, פֿאַר יעדער קלייניקייט איז מען געווען אויסגעשטעלט אויפֿן טויט. ווען אַ ייִד פֿלעגט זיך „פֿאַרזינדיקן״ און איז דערפֿאַר דערשאָסן געוואָרן איז די גאַנצע פֿאַמיליע זײַנע צוגענומען געוואָרן פֿון געטאָ — און געטיילט דעם זעלבן גורל.

די ייִדן האָבן אין געטאָ באַקומען 100 גראַם שוואַרצן, ביטערן ברויט אַ טאָג אויף אַ מענטשן און 2 מאָל אַ טאָג זופּ, — אַ שיטער פֿליסיקייט, און גאַנץ זעלטן פֿלעגט מען געפֿינען אין דער זופּ עטלעכע גרויפּן אָדער שטיקלעך קאַרטאָפֿל. קויפֿן עפּעס אין גאַס, אויסערן געטאָ, בײַ אַ קריסט, האָט מען ניט געטאָרט. אָבער וואָס טוט מען, אַז דער הונגער מאַטערט? און ניט אַזוי צוליב זיך, ווי צוליב קינדער, וועלכע האָבן דאָך גאָרניט פֿאַרשטאַנען און געמאָנט עסן, — פֿלעגט מען פֿאַר־געסן וועגן לעבנסגעפֿאַר און מען האָט ריזיקירט אײַנצוקויפֿן עפּעס

וואָס פון עסנוואַרג ביי די קריסטן און גייענדיק פון דער אַרבעט עס בגניבה אַריינגעשמוגלט אין געטאָ.

אָבער די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט שוין געלויערט אין אַלע ווינקעלעך, צו כאַפּן די ייִדן ביי אַזעלכע חטאים. זיי פּלעגן זיך ספּע־ציעל באַהאַלטן צווישן די ווענט פון די פאַרברענטע הייזער און אָפּ־וואַרטן, כדי צו כאַפּן עמעצן וואָס טראָגט עפּעס אַריין אין געטאָ. פּלעגן כמעט טאָג־טעגלעך זיין קרבנות.

און אָט האָט אין אַ געוויסן טאָג מיט מיר געטראָפן אַ גליק צוליב וועלכן איך בין פּטור געוואָרן פון מיין פּיינלעכער אַרבעט אין דעפּאָ. ביי דער אַרבעט איז מיר געפאַלן אַ שווער שטיק אייזן אויפן האַנט און דער שאַרף פון אייזן האָט מיר אָפּגעהאַקט אַ שטיקל פינגער. כאָטש בעת־מעשה האָב איך געהאַט אומדערטרעגלעכע ווייטיקן, בלוט האָט געפּלייצט אָן אַ שיעור, בין איך אין האַרצן פון דעסטוועגן געווען צופרידן פון דעם פאַל, האָבנדיק אין געדאַנק, אַז צוליב דעם וועל איך איצט אפשר באַפרייט ווערן פון מיין מיאוסער אַרבעט. און אַזוי איז טאַקע געווען.

ס׳האָט גענומען אַ פּאָר וואָכן ביז דער פינגער האָט זיך עטוואָס פאַרהיילט און דער יודענראַט האָט מיך ווידער געשיקט צו דער אַרבעט, אָבער דערפאַר שוין ניט מער אויף דער פאַרשאָלטענער באַנדעפּאָ.

דאָס מאָל בין איך אַריינגעפאַלן אַרבעטן אין דער זשאַנדאַרמעריע, טאַקע ביי די מערדערס גופא, וואָס האָבן שוין געהאַט אויף זייער געוויסן פאַרשניטענע ייִדישע לעבנס. דאָרט האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן עטלעכע און דרייסיק ייִדן.

בעת־מעשה האָב איך זיך זייער דערשראָקן פאַר דעם נייעם פּלאַץ, — זיין אַ גאַנצן טאָג ביי די מערדערס אין די הענט און זען אַ גאַנצן טאָג זייערע רוצחישע פּנימער, אָט דאָס אַליין האָט אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק, אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין ברירה.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע וואָס האָט געזעגט און געהאַקט האָלץ אויף צו הייצן די אויוונס. די אַרבעט גופא איז געווען

צו דערלײַדן, אָבער מען האָט זיך געדאַרפֿט היטן פֿאַר אַן „אויג", בעת מען האָט זיך געוואָלט אַ ווײַלע אָפּרוען. דער אויפֿזעער איבער אונדז איז געווען אַ זשאַנדאַר, סאָבאָלעווסקי. אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ געפּערלעכער רוצח, איז ער נאָך דערצו געווען אַ נעוואָראָסטעניק און אַ גרויסער שיכּור. אַז מיר פֿלעגן אים דערזען פֿון דער ווײַטן פֿלעגט אונדז באַפֿאַלן אַ פּחד.

דער עלטסטער זשאַנדאַר, אַ וואַכמײַסטער לויטן ראַנג, אַ הויכער, פּעטער דײַטש, אַז ער איז געווען שיכּור, איז געווען אַ געפֿאַר פֿאַר די ייִדן, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט. זיך מיט אים צו באַגעגענען און מ'האָט זיך דעריבער געמוזט פֿאַר אים היטן אַזוי ווי פֿאַרן מלאך־המוות. אַפֿילו זײַנע אייגענע זשאַנדאַרמען האָבן פֿאַר אים געציטערט.

אָט די צוויי עקלהאַפֿטע פּאַרשוינען זענען עס געווען אונדזערע באַלעבאַטים און צו זייער איזדיעקעווען זיך איבער די ייִדישע אַרבעטערס, וואָס האָבן פֿאַר זיי געטאָן די שווערסטע אַרבעטן, איז ניט געווען קיין מאָס און גרענעץ. ווען מיר פֿלעגן פֿאַר טאָג קומען צו דער אַרבעט זענען מיר ניט געווען זיכער, צי מיר וועלן זיך צוריקקערן אין געטאָ.

מיטאָג האָבן מיר געהאַט פֿון 12 ביז 1 אַ זייגער. די ייִדן האָבן געהאַט אַ קיך, וואָס האָט זיך געפֿונען אויסערן געטאָ ביז אַ קורצער צײַט פֿאַר איר ליקווידאַציע. די פֿאַרוואַלטערין פֿון דער קיך איז געווען אַ פֿאַרדאַרבענע אַנטיסעמיטקע. דורך אירע הענט האָבן דאָס די ייִדן פֿון געטאָ געדאַרפֿט געשפּײַזט ווערן...

פֿון אָנהייב פֿלעגן מיר גיין אַלע צוזאַמען אין קיך נאָך דער פּאָרציע זופּ, אָבער אַזוי ווי עס פֿלעגן דאָרט זײַן מיטאָגצײַט זייער לאַנגע רייען, האָט מען ניט אַלע מאָל באַוויזן צוצוקומען צום פֿענצטערל, ווו מען טיילט די זופּ. פֿלעגן מיר לויפֿן צוריק הונגעריק, כּדי ניט צו פֿאַר־שפּעטיקן, צו קומען פּינקטליך 1 אַ זייגער צו דער אַרבעט. האָבן מיר זיך אײַנגעשאַפֿט אַן עמער און יעדן טאָג פֿלעגן גיין צוויי מענטשן אין קיך און אָפּנעמען אַלעמענס פּאָרציעס זופּ.

יענעם טאָג האָבן די צוויי מאַן געבראַכט די זופּ פּונקט 1 אַ זייגער,

ווען די מיטאָג־שעה האָט זיך געענדיקט. הונגעריק און פאַרפראָרן זענען מיר געווען, יעדערער האָט געגאַרט צו נעמען אַ ביסל וואַרעמע זופּ אין מויל, כּדי עטוואָס צו דערוואַרעמען די פאַרפראָרענע גלידער. האָבן מיר זיך מישב געווען און באַשלאָסן צו בעטן אַ דערלויבעניש בײַם אויפזעער, דעם זשאַנדאַר, סאָבאָלעווסקי, ער זאָל אונדז געבן 5 מינוט צײַט צו עסן אונדזער מיטאָג. פאַר דער דאָזיקער העזה האָט ער אָנגעהויבן שלאָגן דעם וואָס האָט זיך געווענדט צו אים מיט דער בקשה. תּיכּף האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט, אין טויטשרעק, ניט קיין געגעסענע.

אַז דער זשאַנדאַר איז אַוועק זענען צוויי מאַן, ניט קאָנענדיק בײַ־שטיין דעם נסיון, צוגעגאַנגען צו דעם עמער און גענומען אַ ביסל זופּ אין זייער בלעכענעם קענדל. אין זעלבן מאָמענט האָבן מיר דערהערט דרײַ רעוואָלווער־שאָסן און אין איין אויגנבליק איז צוגעלאָפן דער זעלבער זשאַנדאַר צו אונדז מיטן רעוואָלווער אין האַנט און, מיט אַ ברענענדיקער רציחה, געגעבן אַ באַפעל מיר זאָלן זיך תּיכּף אויסטאָן. מיר זענען געוואָרן אַלע ווײַס, איך האָב געפילט, אַז אָט איז שוין גע־קומען מײַן לעצטע שעה.

סעקונדעס, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט, זענען מיר אַזוי געשטאַנען פאַרגליווערטע, אין דערוואַרטונג... ביז ער האָט אויסגעשריִען: „אַרבעטן ביז בײַ נאַכט, נאַקעטע, אין אונטערהויזן — אַ צווייט מאָל וועט איר דערשאָסן ווערן פאַר נישט אויספאָלגן מײַנע באַפעלן".

מיר האָבן פרײַ אָפּגעאָטעמט. ערשט איצט האָבן מיר דערפילט דעם ביטערן פראָסט, וואָס האָט געשניטן דאָס נאַקעטע לײַב ווי מיט מעסערס.

*

דער געביטס־קאָמיסאַר איבער לידע און לידער קרײַז, האַנוועג, איז געווען אַ יונגער דײַטש.

דער דאָזיקער יונגער נאַצי איז געווען דער פאַקטישער באַלעבאָס איבער דעם לעבן און פאַרמעגן פון די טויזנטער ייִדן פון לידע און פון

אַלע איבעריקע שטעטלעך, וואָס האָבן געהערט צום לידער קרייַז.

ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ סוויטע סאַדיסטן און מיט מעטרעסעס וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון דייַטשלאַנד. זיי האָבן זיך באַזעצט אין די שענסטע הײַזער וואָס זענען געבליבן גאַנץ פון דער שׂריפה.

פון ערשטן טאָג אין לידע האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ ראַפינירטן אופן אַרויסבאַקומען פון די ייִדן זייערע ווערטפולע זאַכן און פלעגט עס אָפּשיקן צו זיך אַהיים קיין דייַטשלאַנד.

ער פלעגט רופן צו זיך דעם פאָרזיצער פון יודענראַט און אים דער־לאַנגען רשימות פון טײַערע פוטערוואַרג, צירונג, סערוויזן, גאָלד און אַנדערע ווערטפולע חפצים — און ער האָט עס געמוזט גלייַך האָבן!

דער יודענראַט האָט ניט געהאַט קיין לייַכטע אַרבעט די אַלע זאַכן צונויפצוקלייַבן צווישן די לידער ייִדן; טראָגן דאָס ייִדישע האָב־און־גוטס צו דעם נאַצי־קאָמיסאַר מיט פאַרביטערטע הערצער, אָבער גלייַכ־צייַטיק מיט דער האָפענונג, אַז פאַרן פרייַז פון די פאַרמעגנס וועט מען אָפּשטופּן אויף נאָך אַ ביסל צייַט דעם טאָג פון גזר־דין...

אָבער ווי נאָר האַנוועג און זייַן סוויטע האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיטן ייִדישן האָב־און־גוטס האָט זיך אין לידע אָנגעהויבן דער וויסטער חורבן, די גרוילן און שחיטות, ווי אומעטום וווּ די היטלערישע האָרדעס האָבן געבושעוועט.

✶

קיין רוטאָג האָבן די ייִדן אין געטאָ ניט געהאַט. האַנוועג האָט שוין געפונען פאַר אונדז באַשעפטיקונג אַפילו זונטיק, בעת ייִדן זענען געווען פרייַ פון זייער טאָג־טעגלעכער צוואַנגאַרבעט אין די פאַרשידענע דייַטשע איינהייטן.

אַ באַפעל איז געגעבן געוואָרן דעם יודענראַט, אַז זונטיק זאָלן די ייִדן אַרבעטן בייַם פונאַנדערנעמען די חורבות פון די פאַרברענטע הייַזער און אָפּרייניקן די פלעצער.

אָנגעפירט מיט די דאָזיקע אַרבעטן האָט אַ גרופּע פוילישע טעכ־

ניקערס פון שטאָטראַט און דעם אויפזיכט איבער די ייִדן, אַז זיי זאָלן אַרבעטן פלײַסיק, האָט געהאַט די ווײַסרוסישע פּאָליציי.

פאַר די דאָזיקע באַלעבאַטים האָט זיך פּלוצעם געעפנט אַ וועג, ווי אַזוי צו שיקאַנירן די ייִדן און אויספּרעסן בײַ זיי געלט און ווערט־פולע זאַכן. פון די היימישע כוליגאַנעס איז געווען אַ סך שווערער צו לײַדן ווי פון די דײַטשן. דער ווייטיק אין האַרצן איז געווען נאָך גרע־סער, ווײַל דאָס זענען דאָך געווען היגע פּאָליאַקן, שכנים מיט וועלכע מען האָט געלעבט, ביז ניט לאַנג, אויף איין הויף.

צווישן דעם געביטס־קאָמיסאַרס סוויטע איז געווען אַ דײַטש, ווערנער האָט ער געהייסן, אַן אונטערוועלט־טיפּ, אַ סאַדיסט. ער האָט אויסגעזען ווי הערמאַן גערינג, געגנוי אַזאַ פיגור, מיט אַ גרויסן בויך. אָט דער ווערנער האָט געהאַט אַ הונט, מיט וועלכן ער פלעגט זיך קיין מאָל ניט שיידן. ווערנערס פאַרגעניגן איז געווען: זיך אַוועקזעצן אויף אַ ווייכן שטול אויפן באַלקאָן פון דעם הויז, וווּ אַרום און אַרום האָבן זונטיק געאַרבעט די ייִדן בײַ די חורבות, אַראָפּשיקן זײַן הונט און אים אָנרייצן אויף די אַרבעטנדיקע ייִדן. דער הונט פלעגט זיך אַרויפוואַרפן אויף עמעצן, צערײַסן אים די בגדים און אָפּט אַרויסרײַסן מיט זײַנע שאַרפע ציין שטיקער פלייש. דער אומגליקלעכער פלעגט זיך ראַנגלען מיטן הונט אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, און אין דער זעלבער צײַט האָט אָט דער אויסוואורף געפלאַצט פון געלעכטער פון אָט דער שפּיל.

מאַכט זיך איין מאָל און דער הונט ווערט קראַנק, האָט דער דאָזיקער רוצח געמאָלדן דעם יודענראַט, אַז אויב דער הונט וועט שטאַרבן, וועלן דערשאָסן ווערן צען ייִדן. צום גליק איז דער הונט ניט געפּגרט און די ייִדן זענען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

7

# פינף הונדערט האָזן־טרײַבערס

איין מאָל, אין אַ זונטיק, האָט האַנוועג געגעבן אַ באַפעל דעם יודענראַט, אַז אויף 7 אין דער פרי זאָלן צו אים אויפן הויף צוגעשטעלט ווערן 500 ייִדן.

אויף וואָס דאַרף ער די 500 ייִדן?

אַ שרעק איז באַפאַלן די געטאָ. אָבער באַפעל איז באַפעל. די ייִדישע פּאָליציי האָט באַקומען די אויפגאַבע צונויפצונעמען די פולע צאָל. מען האָט זיך באַהאַלטן ווו עס האָט זיך געלאָזט. עס האָט קיין זאַך ניט גע־האָלפן און די געטאָ־פּאָליציי האָט צו דער באַשטימטער צײַט צוגעשטעלט די 500 ייִדן, און מײַן גורל איז אויך געווען אַרײַנצופאַלן אין דער גרופּע.

דעם טאָג איז געווען אַ ברענענדיקער פראָסט. 7 פרי זענען אַלע 500 ייִדן געשטאַנען אויפן פּלאַץ. ס׳האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן פון קעלט און פון שרעק.

באַלד זענען אָנגעקומען וואַלדוועכטערס מיט ביקסן אָנגעהאַנגען אויף די אַקסלען און פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז עס גרייט זיך אַ יאָגד אויף האָזן, מיטן אָנטייל פון דער גאַנצער סוויטע נאַצים און געביסט־קאָמיסאַר בראַש, און אונדז דאַרף מען האָבן אַלס האָזן־טרײַבערס...

ס׳איז אַ ביסל לײַכטער געוואָרן אויפן האַרצן, זאָל זײַן אַ האָזן־טרײַבער, האָט מען צווישן זיך געמורמלט, אַבי ניט צום טויט.

קיין וואַרעמע בגדים האָבן שוין די ייִדן אין געטאָ דאָן ניט געהאַט. אין לידע, אַזוי ווי אין אַנדערע געטאָס, האָבן די ייִדן געמוזט אָפּגעבן

די נאַצישע הערשערס זייער פוטערוואַרג. אַ ייִד האָט ניט געטאָרט טראָגן ניט נאָר קיין פוטערנעם בגד, נאָר אויך ניט קיין פוטערנעם קראַגן אויפן מאַנטל אָדער פוטערנע הענטשקעס. פאַר אויסבאַהאַלטן פוטערוואַרג האָט אַ ייִדן געדראָט טויטשטראָף.

8 אַ זייגער האָט מען זיך געריִרט פון אָרט און די וואַלדוועכטערס האָבן אונדז געבראַכט אויף אַ פעלד, 4 קילאָמעטער הינטער לידע, און זיי האָבן אונדז געהייסן בלײַבן שטיין און וואַרטן ביז עס וועלן אַראָפּ־קומען די יעגערס, די הויכע שרורות.

דאָס שטיין אין טיפן שניי און וואַרטן איז אונדז לכתחילה אויס־געקומען ווי די גרעסטע אָפּקומעניש. לײַכט אָנגעטאָנענע, אין צעריסענע שיך, אַ טייל אָן שיך, די פיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, איז מען אַזוי געשטאַנען און מען האָט זיך געטרייסלט פון קעלט. בײַ אַ טייל האָבן שוין אָנגעהויבן פרירן די פינגער פון די פיס און הענט.

עלף אַ זייגער איז אַראָפּגעקומען די גאַנצע באַנדע מיט זייערע פרויען און געליבטע. אַלע זענען זיי געווען אָנגעטאָן אין פוטערס, אין וואַרעמע היטלען און וואַליקעס אויף די פיס, וועלכע האָבן ביז גאָר ניט לאַנג נאָך געהערט צו די זעלבע ייִדן, וואָס זענען דאָ געשטאַנען. די ייִדישע פוטער־קירזשנערס האָבן עס פאַר זיי געמוזט איבערמאַכן.

מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך אויסצושטעלן אין אַ קרײַז. אין מיטן איז געשטאַנען די גאַנצע באַנדע נאַציס און איינער פון זיי האָט זיך צו אונדז אָפּגערופן מיט אָט די ווערטער:

— יודען, דער גאַנצער דערפאָלג פון יאַגד אויף די האָזן איז אָפּ־הענגיק פון די טרײַבערס, איר וועט מוזן דעריבער גענוי אָפּהיטן אַלע אָנווײַזונגען, וואָס איך גיב אײַך דאָ. אַלזאָ, אַלע טרײַבערס דאַרפן גיין אין איין ליניע, צעשפּרייט, און דער אָפּשטאַנד, איינער פון צווייטן, דאַרף זײַן פינף טריט, און ווען די האָזן וועלן אָנהייבן לויפן דאַרפט איר שרײַען הויך אויפן קול. ווער עס וועט ניט אָפּהיטן דעם באַפעל ווערט דערשאָסן...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף איבער די וועלדער, וועלכע

זענען געווען באַדעקט מיט שניי, טיף ביז די קני. נאָך אַ צוויי שעה כּסדרדיקן לויפן זענען מיר שוין געבליבן אָן כּוחות, אָבער דערפאַר איז אונדז געוואָרן וואַרעם. עס האָט זיך געגאָסן פון אונדז אַ שווייס וואָס האָט אונדז דורכגעווייקט ביז די ביינער. פּלוצעם איז געקומען אַ באַפעל איבערצורײַסן און זיך ווידער אויסשטעלן אין אַ קרײַז. דער זעלבער דײַטש האָט אונדז געמאָלדן, אַז דער יאַגד קלאַפּט ניט אַזוי ווי עס האָט באַדאַרפט זײַן און דעריבער וואָרנט ער אונדז נאָך אַ מאָל, אַז מיר זאָלן אויספירן ריכטיק דעם באַפעל.

די גאַנצע באַנדע איז באַלד אַוועקגעפאָרן און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז בלויז אַ סטראַשונעק, אַז דער יאַגד אויף די האָזן איז שוין געענדיקט. אָבער צו אונדזער גרויסער איבעררַאשונג האָבן מיר דערזען ווי עס איז אָנגעקומען אַ שליטן מיט ברויט, און די וואַלד־וועכטערס האָבן אונדז געזאָגט אַז מיר וועלן באַקומען צו פאָרציעס ברויט, און ווען די יעגערס וועלן קומען צוריק פון מיטאָג וועט דער יאַגד ווידער פאָרגעזעצט ווערן.

אויסגעשעפּטע, מיט די לעצטע כּוחות האָבן מיר זיך דערשלעפּט נאָך האַלבער נאַכט אין געטאָ. ניט באַוויזן קומען צו זיך, האָבן מיר שוין געמוזט ווידער לויפן צו דער אַרבעט.

8

## טראַגישער סוף פון לידער ערשטן יודענראַט

דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון מערץ 1942. גנבים האָבן געמאַכט אַן אײַנבראָך בײַם ווײַסרוסישן גלח אין הויז, ניט ווײַט פון געטאָ. דער גלח האָט זיך באַצײַטנס אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געכאַפּט איינעם פון די גנבים, אָבער דער גנב איז געווען שטאַרקער פון אים, האָט ער אים גוט צעשלאָגן און איז אַנטלאָפן.

דער גלח האָט אין דער פרי געמאָלדן דער פּאָליצײ און ס׳זענען געקומען זשאַנדאַרן אים אויספרעגן וועגן דעם בײַנאַכטיקן איבערפאַל. דער צעשלאָגענער גלח האָט דערציילט, אַז די גנבים זענען געווען ייִדן און אַז ער וואָלט זיי דערקענט, ווען מען כאַפּט זיי.

דעם זעלבן טאָג האָט האַנוועג געשיקט רופן דעם פאָרזיצער פון יודענראַט און אים באַפוילן, אַז ער זאָל תּיכּף צושטעלן אין דער זשאַנ־דאַרמעריע אַלע גנבים פון געטאָ, אין קעגנפאַל וועלן לײַדן אומשול־דיקע ייִדן.

וואָס אַן אמת, זענען טאַקע אין געטאָ געווען אייניקע גנבים, פון וועלכע די געטאָ האָט פיל געליטן. זיי פלעגן באַגנבענען הײַזער און דער יודענראַט האָט זיך מיט זיי ניט געקאָנט קיין עצה געבן. אָבער צי זיי האָבן דאָס טאַקע דורכגעפירט דעם אָנפאַל אויפן גלח איז מען ניט געווען זיכער.

איז פאַר דעם יודענראַט ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי אַרויסגעבן די אונטערוועלטניקעס, אויף וועמען די גאַנצע געטאָ האָט סײַ ווי געבעטן דעם טויט, פאַר זייערע מיאוסע מעשׂים.

דער געטאָ־פּאָליציי האָט זיך אײַנגעגעבן צו כאַפּן בלויז אַ פּאָר גנבים, די איבעריקע האָבן זיך אָפּגעטראָגן און זענען ערגעץ פאַר־שווּנדן. די געכאַפּטע האָט די פּאָליציי געבראַכט אין דער פרי צו דער זשאַנדאַרמעריע, ווי דער באַפעל האָט געפאָדערט.

איינער פון די פאַרהאַלטענע אונטערוועלטניקעס מיטן צונאָמען „וויראַבעק" האָט דערטראָגן אַ מסירה אויפן יודענראַט: בשעת דער אויספאָרשונג האָט ער פאָרגעלייגט, אַז אויב זיי וועלן אים לאָזן לעבן וועט ער איבערגעבן זייער וויכטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן יודענראַט. דאַן האָט ער זיי דערציילט די געשיכטע וועגן די ווילנער פּליטים, ווי אַזוי דער יודענראַט האָט געמאַכט פאַר זיי פאַלשע פּעסער.

דעם זעלבן טאָג האָט די דײַטשע פּאָליציי אַרעסטירט אַלע מיט־גלידער פון יודענראַט און אין זייערע הײַזער דורכגעפירט רעוויזיעס, אויך אין די ביוראָען פון יודענראַט גופא. קודם־כּל האָבן זיי צוגענומען דאָס גאַנצע געלט וואָס האָט געהערט צום יודענראַט און איז געקומען פון די באַשטײַערונגען, וואָס יעדער איינער האָט געצאָלט אין געטאָ פאַר זײַן ווינקעלע. דאָס געלט פלעגט דער יודענראַט פאַרנוצן אויף פאַרשידענע הצטרכותן.

די גאַנצע געטאָ איז אויפגערודערט געוואָרן, קיינער האָט ניט געקאָנט דערגיין די סיבה פון זייער אַרעסט. פאַרשידענע קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען אין געטאָ, אָבער דעם אמת האָט קיינער ניט געוווּסט. צוויי וואָכן צײַט האָט די זשאַנדאַרמעריע געפאָרשט. די אומגליקלעכע ראַטמענער האָבן אַריבערגעטראָגן אומדערטרעגלעכע פּײַניקונגען, אָבער זיי האָבן זיך ניט מודה געווען. די געסטאַפּאָווצעס מיטן געביטס־קאָמיסאַר בראש האָבן זיך דאַן דערטראַכט צו אַ ראַפינירטן פּלאַן, ווי אַזוי צו כאַפּן די ווילנער פּליטים וואָס האָבן באַקומען פאַלשע פּעסער.

די לידער ייִדן האָבן זיך געפונען אין דרײַ באַזונדערע געטאָס אין פאַרשידענע עקן שטאָט. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס די אָקופּאַנטן האָבן ניט געקאָנט געפינען אין דער פאַרברענטער שטאָט גענוג הײַזער אין איין קוואַרטאַל פאַר אַלע 7 טויזנט ייִדן. איין געטאָ האָט זיך געפונען

אויף קאַשאַראָווער גאַס, די צווייטע — אויף פּאָסטאָווער און די דריטע — אויף די פּיאַסקעס. די ביוראָען פון יודענראַט האָבן זיך ביז דער גרויזאַמער שחיטה, דעם 8טן מאַי 1942, געפונען אויף קאַשאַראָווער גאַס, און נאָך דער שחיטה, ווען עס איז פון די איבער 7 טויזנט יידן געבליבן סך־הכל 1.300, איז די איינציקע געטאָ געווען, ביז איר ליקווידאַציע, אויף פּאָסטאָווער גאַס.

יענעם פאַרטאָג, ערב פּורים, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען און זיך גענומען איילן, ווי אַלע טאָג, צו דער אַרבעט, האָבן מיר דערזען אַרייַנקומען אין געטאָ גרויסע מחנות באַוואָפנטע ליטווינער אין זייערע גרעלע מונדירן און די ווייסרוסישע פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן זיך פונאַנדערגעשאָטן איבער אַלע הייזער און מיט ווילדע געשרייען: „הערראַוס!" — אָנגעהויבן אַרויסצוטרייַבן אַלעמען פון די הייזער. זיי האָבן אַפילו ניט געלאָזט זיך אָנטאָן. ווער עס האָט ניט באַוויזן צו כאַפּן אַ שטיקל אויבער־בגד אַרויפצוואַרפן אויף זיך איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב אין די וועש. קראַנקע און שוואַכע, עלטערע מענטשן, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט אויפהייבן פון זייערע געלעגערס, האָבן די בעסטיעס דערשאָסן אין די בעטן.

אין דער שטוב ווו איך האָב זיך געפונען איז געווען אַ יונג פּאָר־פאָלק. די פרוי האָט מיט אַ טאָג פריער געבוירן אַ קינד. דאָס איז פּאַקטיש געווען אַ פאַרברעכן, לויט די נאַצישע געטאָ־געזעצן... די פרוי איז נאָך געווען זייער שוואַך, האָט איר מאַן שנעל אַרויפגעוואָרפן אויף איר אַ מאַנטל און מיט דער הילף פון די שכנים זי מיטן קינד אַרויסגעפירט פון שטוב, איידער די מערדערס זענען אַרייַנגעקומען, ווען ניט וואָלטן זיי זי דערשאָסן. אָבער אַלץ איינס האָט זי דער טויט ניט אויסגעמיטן אין דער גרויסער שחיטה. דער פרויס אַ שוועסטער איז געווען שפּעטער מיט מיר צוזאַמען אין וואַלד און זי פלעגט כסדר דערמאָנען וועגן זייער טראַגישן אומקום.

אונטער אַ האָגל פון קלעפּ האָבן די באַנדיטן געטריבן אונדז צום געטאָ־טויער. קיין אַנדערער גענדאַנק איז גאָר ביי קיינעם ניט געווען,

ווי נאָר — אַז דאָס איז שוין דער לעצטער וועג, צום טויט. ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די דראָט־פאַרצוימונגען, כּדי זיך אַדורכצוררײַסן אויף דער צווייטער זײַט געטאָ און זיך באַהאַלטן פון טויט. אָבער יעדן אַנטלויפנדיקן וואָס די באַנדיטן האָבן באַמערקט האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט. אויף אַזאַ אופן זענען גלײַך אין די ערשטע מינוטן געפאַלן צענדליקער ייִדן.

מיר מיט נאָך איין ייִד האָט זיך אײַנגעגעבן אַריבערצוקלעטערן דעם געטאָ־פאַרקאַן לעבן די וואַרשטאַטן, וואָס זענען געווען אויסערן געטאָ. דאָרט האָבן געאַרבעט איניקע הונדערט ייִדן בײַ פאַרשידענע אַרבעטן פאַר דער דײַטשער אַרמיי. מיר האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ סקלאַד ווו עס איז געווען אַ טיפע גרוב, אין וועלכער ס׳איז געלעגן אַ גרויסע מעטאַלענע פאַס, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געצויגן רערן. אַזוי ווי עס איז געווען אַ געפאַר, אַז די נאַציס זאָלן אַהער קומען זוכן באַהאַלטענע, זענען מיר ביידע אַרונטערגעקראָכן אין גרוב און זיך פאַררוקט הינטער דער פאַס. אָבער דאָרט איז געווען פּלאַץ נאָר פאַר איינעם, זענען מיר געלעגן איינער אויפן אַנדערן. און ס׳האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַז אונדזער השערה איז געווען אַ ריכטיקע. אין אַ ווײַלע אַרום האָט עמעצער געעפנט די טיר און באַלד זי צוריק פאַרמאַכט. גלײַכצײַטיק האָבן מיר דערהערט אַ שיסערײַ אויפן הויף און דאָס איז געווען אַ באַווײַז, אַז די מערדערס האָבן געפונען באַהאַלטענע ייִדן.

מיר זענען ביידע אָפּגעלעגן אין גרוב אַ גאַנצע נאַכט און געמאַכט פאַרשידענע פּלענער, ווו מיר זאָלן זיך אַהינטאָן, אויב עס וועט זײַן אויס מיט דער געטאָ. מײַן אח לצרה האָט געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן אַלס שנײַדער. ער איז געווען אַ לידער און געקענט די גאַנצע געגנט אַרום לידע. האָט ער מיך געטרייסט, אַז וואָס עס זאָל ניט זײַן וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען.

ווען עס האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אויף טאָג האָבן מיר דערהערט ריידן ייִדיש לעבן דעם סקלאַד ווו מיר זענען געלעגן. מיר זענען צו צו אַ שפּאַרונע פון וואַנט און דער שנײַדער, כ׳געדענק ניט זײַן נאָמען,

האָט גלײַך דערקענט אַז דאָס זענען די ייִדן וואָס אַרבעטן אין שטאַל בײַ די פערד. מיר זענען באַלד אַרויס פון סקלאַד, זיך בײַ זיי צו דער־וויסן וואָס איז געשען מיט דער געטאָ.

ווען איך האָב זיך פון זיי דערוווּסט אַז קיין שחיטה איז ניט געווען האָב איך שוין מער ניט געקאָנט בלײַבן שטיין און זיך צוהערן צו זייער דערציילן, ווײַל מײַן אינטויִציע האָט מיר דיקטירט, אַז איך מוז שוין זײַן אין געטאָ און נאָך כאַפּן די גרופּע וואָס אַרבעט מיט מיר צוזאַמען אין דער זשאַנדאַרמעריע, איידער זי גייט אַרויס צו דער אַרבעט. אויב איך באַוויַז זי ניט צו טרעפן, בין איך אַ פּאַרטיקער...

אין געציילטע מינוטן האָב איך אַריבערגעקלעטערט צוריק אין געטאָ אַרײַן, איבערן זעלבן פּלויט, דורך וועלכן איך האָב זיך נעכטן געראַ־טעוועט. צום גליק האָב איך נאָך די גאַנצע גרופּע געטראָפן אין געטאָ און איך בין מיט זיי באַלד אַוועק צו מײַן עבודת־פּרך, ניט באַוויַזנדיק אַפילו צו נעמען אַ ביסל הייס וואַסער.

9

# בהלה צווישן די ווילנער פליטים

די זעלבע שוידערלעכע סצענעס ווי אויף פּאָסטאָווער גאַס, ווו איך האָב זיך געפונען, האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויך אין די אַנדערע צוויי געטאָס, אויף קאַשאַראָווע און אויף די פּיאַסקעס, פון וואַנען אַלע זענען געטריבן געוואָרן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ צום מאַרקפּלאַץ.

די ייִדן זענען אויפן מאַרק געשטאַנען אַ פּאָר שעה, ביז ס׳זענען אָנגעקומען דער געביטס־קאָמיסאַר, דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע און זייער סוויטע. באַלד האָט מען אויך דערזען ווי מען פירט דעם מסור „ווירבעק״ אונטער אַ שטאַרקער וואַך. די צונויפגעטריבענע ייִדן האָבן באַקומען אַ באַפעל צו מאַרשירן איינער הינטערן אַנדערן פאַרבײַ דעם גנב „ווירבעק״. ער האָט יעדן דורכגעשטאָכן מיט די אויגן און ועמען ער האָט דערקענט אַלס ווילנער פּליט, האָט ער אויף יענעם אָנגעוויזן מיט אַ פינגער. אַזאַ איז תּיכּף אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ זײַט, און די מאַסע האָט ווײַטער „דעפילירט״ פאַרבײַ דעם אויסוווּרף, ביז אַלע זענען אַדורכגעגאַנגען.

דעם טאָג איז געווען אַ גרויסע קעלט און אַ שנײַדנדיקער ווינט; זענען די פאַרצווייפלטע ייִדן אַזוי געשטאַנען ביז עס האָט זיך געענדיקט די טרויעריקע דעפילאַדע און די דײַטשן האָבן אונדז באַפוילן זיך צוריק־קערן אין געטאָ.

דער מסור האָט דערקענט עטלעכע און דרײַסיק פון די ווילנער פּליטים. אונטער אַ שטרענגער וואַך זענען זיי גלייך אָפּגעפירט געוואָרן אין תּפיסה.

אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַקציע האָבן אַלע דרײַ געטאָס געהאַט איבער 200 קרבנות.

בעת די ייִדן זענען געשטאַנען אויפן פּלאַץ און געוואַרט, זײַענדיק זיכער אַז עס וועט פּאַרקומען אַ שחיטה, האָט יעדער צעריסן דאָס געלט, וואָס ער האָט בײַ זיך געהאַט און פאַרשאַרט אונטערן שניי. אַזוי אויך די זייגערלעך און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, כּדי די שונאים זאָלן פון דעם ניט געניסן.

נאָכן אַרעסטירן די עטלעכע און דרײַסיק ווילנער האָט זיך די אויספאָרשונג אָנגעהויבן פון דאָס נײַ.

אַ ייִדישער פריזיער פון געטאָ, וועלכער האָט געאַרבעט אין טורמע, האָט דערציילט, אַז עס זענען פאָרגעקומען קאָנפראָנטירונגען צווישן די ווילנער מיטן יודענראַט און אַז ער האָט געהערט שרעקלעכע געשרייען. די געפּײַניקטע האָבן זיך אָבער געהאַלטן זייער ווערדיק און ניט אַרויסגעגעבן איינער דעם צווייטן.

אין איניקע טעג אַרום זענען געקומען זשאַנדאַרן אין געטאָ און אַרויסגעפירט אַלץ פון די הײַזער, ווו די אַרעסטירטע האָבן געוווינט.

די עטלעכע און דרײַסיק ווילנער צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון יודענראַט זענען דערשאָסן געוואָרן דעם זעלבן טאָג, סך־הכּל עטלעכע מעטער ווײַט פון דער טורמע. דרײַ פון די פאַראורטיילטע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד נאָך איידער זיי זענען געטראָפן געוואָרן פון די קוילן. אויף זיי האָבן אָנגעהויבן פאַלן די דערשאָסענע און זיי זענען געבליבן ליגן אונטער דער מאַסע הרוגים.

ווען די היטלעריסטן האָבן געענדיקט זייער בלוטיקע אַרבעט זענען זיי אַוועק שיכּורן, איבערלאָזנדיק פאַר די ייִדן פון געטאָ צוצונעמען די טויטע קערפּערס און זיי מקבר צו זײַן. ביז האַלבער נאַכט זענען די ניצול־געוואָרענע געלעגן אין אַ זיכערער באַהעלטעניש — אונטער די דערשאָסענע, פאַרבלוטיקטע קערפּערס פון זייערע ברידער... שפּעטער האָבן זיי זיך אַרויסבאַקומען פון אונטערן באַרג מתים און זענען נעלם געוואָרן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, ווען די דריי זענען שוין געווען צוריק אין ווילנער געטאָ. צווי פון זיי געדענק איך: איינער האָט גע־הייסן גאַמאַרסקי, געוווינט אין ווילנע אויף ליפּוּווקע, און דער צווייטער, אַנצקע קענסקי, דער ייִנגסטער זון פון אַ באַקאַנטן ווילנער מעל־סוחר. זיי זענען אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

נאָך יעדער שחיטה פלעגט דער יודענראַט שיקן אַ וואָגן צוצונעמען די קרבנות און זיי מקבר זײַן אויפן בית־עולם. ערשט דאַן האָט מען געזען מיט וואָס פאַר אַ בעסטיאַלישקייט זענען די קרבנות געפּײַניקט געוואָרן פאַרן דערשיסן. ווען עמעצער האָט דערקענט זײַנס אַ נאָענטן פלעגן זיך אָפּשפּילן האַרצרײַסנדיקע סצענעס.

די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע מיטגלידער פון יודענראַט זענען געווען שוואַרץ, באַדעקט מיט טיפע וווּנדן, און מער ווי הויט און ביינער איז אויף זיי ניט געבליבן נאָך די אַלע פּײַניקונגען, וואָס זיי זענען אויס־געשטאַנען פאַרן טויט.

גלײַך נאָך דער שחיטה האָט דער געביטס־קאָמיסאַר געגעבן אַ באַ־פעל, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ נײַער יודענראַט. עס איז פון אָנהייב שווער געווען צו געפינען בעלנים, וועלכע זאָלן וועלן אײַנשטעלן דאָס לעבן לטובת הכּלל, אָבער עס איז דאָך קיין אַנדער ברירה ניט געווען און מען האָט ווי עס איז צונויפגעשטעלט אַ נײַעם יודענראַט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז געקומען אַ פרישע אומגליק. דאָס מאָל האָט מען אַרעסטירט עטלעכע און זיבעציק ייִדן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַ דײַטשער איינהייט — „בויטען־לאַגער" — ווו עס פלעגן צונויפ־געפירט ווערן די טראָפייען, וואָס די דײַטשע אַרמיי האָט פאַרכאַפּט. די דײַטשן האָבן באַשולדיקט די אַרעסטירטע ייִדן, אַז זיי האָבן געגנבעט געווער פון „בויטען־לאַגער". כאָטש מען האָט בײַ זיי גאָרניט געפונען בעת דער רעוויזיע, האָט מען דאָך אַלעמען אָפּגעפירט אין תּפיסה.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז עס געווען אַ מסירה פון די קריסטלעכע פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן דאָרט אויך גע־אַרבעט און האָבן, ווי עס ווײַזט אויס, טאַקע געגנבעט געווער פאַר זיך אָדער

צו פאַרקויפן די פּאַרטיזאַנער, און כּדי אָפּצוווענדן פון זיך דעם חשד האָבן זיי געמסרט די יידישע אַרבעטערס. האָט שוין די געטאָ געהאַט ערשטע עטלעכע און זיבעציק קרבנות.

אין דער זעלבער צייט האָבן אָנגעהויבן דערגיין אין געטאָ ידיעות וועגן דורכגעפירטע שחיטות אויף די יידן אין די שטעטלעך פון ווייס־רוסלאַנד. אָפּטימיסטן האָבן געטרייסט דעם נערוועזן עולם און האָבן זיך און אַנדערע איינגערעדט, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג וועט ניט דערלאָזן צו פאַרניכטן די לידער געטאָ, „ווייל ער דאַרף די יידן האָבן צו דער אַרבעט, בפרט אַז אין די וואַרשטאַטן ביים געטאָ אַרבעט מען אויס וויכטיקע זאַכן, וואָס זענען אַזוי נייטיק פאַר די סאָלדאַטן אויף די שלאַכטפעלדער, און דעריבער וועט ער ניט דערלאָזן אומצוברענגען זיינע נוציקע יודען...".

אָט אויף אַזאַ מין אופן האָט מען צווישן זיך געפּילפּולט אין די הייזער, אין די אָוונטן, ווען מען פלעגט קומען פון דער שקלאַפן־אַרבעט.

צוליב זיכערקייט וועגן האָט מען דאָ, ווי בשעתו אין ווילנע, אינעם פעריאָד פון די „געלע שיינען", אויך אָנגעהויבן זוכן פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי זיך אַריינצוכאַפּן אין די „גליקלעכע" וואַרשטאַטן, כּדי צו האָבן אַ שיין פון אַ פאַכאַרבעטער.

דער יידישער פאַרטרויונגס־מאַן ביים געביטס־קאָמיסאַר און אויפזעער איבער די וואַרשטאַטן און איבער די יידישע אַרבעטערס איז געווען אַן אינזשעניר פון גאַליציע, אַן אַסימילירטער ייד מיטן נאָמען אַלטמאַן. אָט דער אַלטמאַן האָט זיך אין אַזאַ צייט פאַרמאָסטן צו מאַכן אַ פאַרמעגן פון די יידישע צרות. ער פלעגט פאַרן פּרייז פון עטלעכע גאָלדענע צאַרישע צענרובלדיקע „חזרלעך" אַריינעמען אין די וואַרשטאַטן און אַרויסגעבן אַ שיין פון אַ פאַכאַרבעטער, וואָס האָט כלומרשט געזאָלט שיצן בעת אַ שחיטה. די געטאָ האָט די דאָזיקע פאַכאַרבעטערס געקרוינט מיטן נאָמען „גאָלדענע באַלמעלאָכעס"... אויף אַזאַ אופן האָט אָט דער דאָזיקער אַלטמאַן געמאַכט אַ היפּשן פאַרמעגן און ער האָט זיך אוודאי געטראַכט, אַז אים וועט האַנוועג לאָזן לעבן פאַר זיינע פאַרדינסטן.

נאָכן טראַגישן אומקום פון לידער יודענראַט און נאָך דער „דעפּי־לאַדע" אויפן מאַרק איז געוואָרן אַ בהלה צווישן די ווילנער פּליטים. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע וועט אָננעמען אַלע מיטלען כּדי צו כאַפּן די ווילנער. האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַנישע לויפעריַי פון לידע צוריק אין ווילנער געטאָ. דאָרט איז די לאַגע צו יענער צײַט שוין געווען, אַזוי צו זאָגן, סטאַביליזירט.

אַזאַ רײַזע קיין ווילנע איז ניט נאָר געווען פאַרבונדן אויף יעדן טריט מיט סכּנה, נאָר מען האָט אויך באַדאַרפט האָבן אַ סך געלט. אַ פויער, וואָס האָט ריזיקירט אַוועקצופירן איניקע ייִדן, מיט אומוועגן, אויף זײַן וואָגן קיין ווילנע, האָט פאַרלאַנגט אַ לעגענדאַרן פּרײַז. איך, למשל, האָב וועגן דעם געקאָנט נאָר חלומען. אָבער די וואָס האָבן געקאָנט באַצאָלן און געקראָגן אַזאַ געלעגנהייט האָבן זיך ניט אָפּגע־שטעלט פאַר דער געפאַר. האָט זיך אַ היפּש ביסל ווילנער פּליטים אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן אָפּגעטראָגן פון געטאָ.

אין דער זעלבער צײַט איז אין געטאָ אָנגעגאַנגען די בהלה מיט די פּאַכשײַנען, מיט געפינען אַ „זיכערן" אַרבעטספּלאַץ. דעם פּאַכשײַן האָט מען באַטראַכט דערווײַל פאַר דעם איינציקן רעטונגס־מיטל אין פאַל פון אַ שחיטה. וועגן אַנטלויפן אין די וועלדער האָבן אין יענער צײַט געפּלאַנט נאָר געציילטע, ווײַל פון קיין פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט מען נאָך דאַן אין געטאָ כּמעט ניט געוווּסט.

אָט אין אַזאַ בהלהדיקער און צעטומלטער אַטמאָספער האָט מען געלעבט טאָג און נאַכט ביז חודש מײַ 1942.

אין די ערשטע טעג פון מײַ האָט האַנוועג געשיקט רופן צו זיך די פאָרשטייערס פון יודענראַט.

ער איז אַרויסגעקומען צו זיי מיט בערך אָט די ווערטער:

— צו מיר זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז די ייִדן האָבן בײַ זיך באַ־האַלטן גאָלד און ווערטפולע צירונג, וועלכע זיי האָבן בשעתו ניט אָפּ־געגעבן אין מײַן רשות; גיב איך אײַך אַ טערמין פון דרײַ טעג צונויפ־צונעמען בײַ די ייִדן דאָס גאַנצע באַהאַלטענע גאָלד און ברענגען צו

מיר. אויב דאָס וועט ניט אויסגעפירט ווערן צום טערמין, גאַראַנטיר איך ניט פאַר די פאָלגן, וואָס וועלן צוליב דעם אַרויסקומען...

דער יודענראַט האָט צונויפגערופן אַלע ייִדן פון דער גאַנצער געטאָ און איבערגעגעבן די ווערטער פון געביטס־קאָמיסאַר. זיי האָבן אַפּעלירט צו די וואָס האָבן נאָך גאָלד און צירונג, זיי זאָלן עס אָרײַנטראָגן אין יודענראַט, אפשר וועט מען דורך דעם אָפּשרײַען דעם אומגליק אויפן געטאָ.

כאָטש מען האָט שוין געפילט אַז קיין שחיטה וועט מען דאָ ניט אויסמײַדן, האָט מען דאָך זיך געוואָלט שאַפן אַ פונק פון האָפענונג, אפשר וועט נאָך אַ ביסל גאָלד ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון געביטס־קאָמיסאַר און ער וועט אָפּהאַלטן די געפּלאַנטע שחיטה. און מען האָט אָנגעהויבן טראָגן אין יודענראַט גאָלד און צירונג.

ווען די פאָרשטייערס פון יודענראַט האָבן געבראַכט צום געביטס־קאָמיסאַר דאָס צענויפגעקליבענע גאָלד האָט ער זיי געהייסן קומען אויף מאָרגן נאָך אַ מאָל.

אויף מאָרגן האָבן זיי באַקומען די תשובה:

— לויט מײַנע ידיעות — האָט ער געזאָגט — האָבן די ייִדן נאָך גאָלד, איך גיב אײַך אַ טערמין פון נאָך צוויי טעג צונויפצוקלײַבן דאָס איבעריקע גאָלד, וואָס די ייִדן האָבן באַהאַלטן...

די פאָרשטייערס פון יודענראַט האָבן ווידער צונויפגענומען אַלע ייִדן און איבערגעגעבן די תשובה פון געביטס־קאָמיסאַר. זיי האָבן אָבער דאָס מאָל ניט אַפּעלירט אַזוי ווי פריִער, אַז מען זאָל זיך אײַלן אַוועקצוגעבן דאָס גאָלד און חפצים. אויף זייערע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ טרויער און מען האָט געקאָנט פון דעם פאַרשטיין, אַז קיין זאַך קאָן שוין ניט העלפן אָפּצושרײַען די שחיטה. אַלע זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און נאָך דעם ווי אַ פאָרשטייער פון יודענראַט האָט געזאָגט: „דער רבונו־של־עולם וועט אפשר אונדז אויסהיטן פון דער גרויסער סכנה", זענען אַלע זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

דאָס איז געווען דעם 6טן מאַי 1942, צוויי טעג פאַרן גרויסן חורבן.

10

## מי לחיים ומי למות

פאַר טאָג האָבן באַוואָפנטע איינהייטן פון „עס־דע״, ליטווינער און ווײַסרוסישע פּאָליציי אַרומגערינגלט די געטאָ. שיכּורע, מיט חיהשער רציחה האָבן זיי זיך אַרײַנגעריסן אין געטאָ און מיט ווילדע אויסגע־שרייען „הערויס״, „הערויס״ באַפאַלן די צעטומלטע ייִדן און געטריבן זיי פון די הײַזער. ווער עס האָט אין אַ סעקונדע ניט באַוויזן אַרויסצו־לויפן פון שטוב האָבן זיי צעממיתטט מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, אַרויסגעשלײַדערט אויפן גאַס און געטריבן צום געטאָ־טויער.

פון ביידע זײַטן גאַס זענען געווען אויסגעשטעלט ליטווינער מיט ביקסן אין די הענט און געהאַלטן אין איין טרײַבן די ייִדן. בײַם טויער האָבן די דײַטשן אונדז באַפוילן זיך אויסצושטעלן צו פיר אין אַ ריי און מאַרשירן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג, צו קאַשאַראָווער גאַס. אויף דער וועג ביז צו קאַשאַראָווער גאַס איז געווען באַוואַכט פון באַ־וואָפנטע ליטווינער.

ווען די פאָדערשטע רייען זענען צוגעקומען צום פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך געקרייצט צוויי וועגן: איין וועג — רעכטס — האָט געפירט צו קאַשאַראָווער גאַס און אַ צווייטער — לינקס — צוריק צום געטאָ, זענען מיר געבליבן שטיין.

דאָ איז פאָרגעקומען די סעלקציע — מי לחיים ומי למות.

דאָ האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט די אָבער־תּלינים פון דער זשאַנדאַרמעריע מיטן שעף בראָש, פון דער „עס־דע״ און דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג מיט זײַן גאַנצער סוויטע.

פון אָנהייב האָט מען די מערסטע וואָס האָבן געהאַט פּאַכשײַנען געשיקט אויף לינקס, דאָס הייסט, צום לעבן, דערביי זענען פאָרגעקומען ניט ווייניק האַרצרײַסנדיקע סצענעס, אַפילו צווישן די וועלכע זענען אין דעם מאָמענט געווען פון די גליקלעכע. אויב דער באַזיצער פון דעם פּאַכשײַן האָט לויטן חשבון פון די מערדערס געהאַט אַ צו גרויסע פאַמיליע, איז זי צעריסן געוואָרן. אַ טייל זענען געשיקט געוואָרן לינקס און די איבעריקע אויף רעכטס, צום טויט... עס זענען אָבער געווען פאַלן, ווען פאַמיליעס האָבן זיך ניט געוואָלט צעשיידן און זיי זענען אַלע אין איינעם אַוועק צום טויט.

איך בין געגאַנגען צווישן די לעצטע, אָן אילוזיעס, אַז מיך, מיטן איינפאַכן שײַן, וועט מען לאָזן לעבן. לאַנגזאַם האָבן זיך גערוקט די רייען. יעדער טראָט — אַלץ נענטער צום טויט.

ווי נאָר די הינטערשטע רייען האָבן זיך דערנענטערט צום פּלאַץ, איז מיט אַ מאָל די סעלעקציע איבערגעריסן געוואָרן. די באַוואָפנטע ליטווינער און דײַטשן האָבן זיך פּלוצלונג אַ וואָרף געטאָן אויף אונדז מיט די קאָלבעס, אונדז מערדערלעך געשלאָגן און געטריבן אויף רעכטס, אין דער קאָשעראָווע גאַס אַרײַן.

לויט ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט איז אָט וואָס געשען:

פון די אַריבער זיבן טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די דרײַ באַזונדערע געטאָס, האָבן די תּלינים באַשלאָסן איבערצולאָזן 1.300, און אַזוי ווי די באַשטימטע צאָל איז שוין געווען פאַרפולט, האָבן זיי איבערגעריסן די ווײַטערדיקע סעלעקציע. אַזוי אַרום זענען אַוועקגע־שיקט געוואָרן צום טויט אמתע פּאַכמענער, וואָס האָבן געהאַט גוטע שײַנען און וואָלטן זיכער געשיקט געוואָרן אויף לינקס, ווען זיי וואָלטן זיך געפונען אין די פאָדערשטע רייען. און צוזאַמען מיט מיר זענען געגאַנגען אויף רעכטס אויך די וואָס האָבן געהאַט זיכערע שײַנען.

מיר זענען צוגעטריבן געוואָרן צום פּלאַץ, וווּ עס זענען געשטאַנען די פאַרמישפּטע אויף אומקום און מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט זיי.

באַלד איז געקומען אַ באַפעל צו זעצן זיך אויף דער ערד. אַרום

אונדז — ליטווישע און ווײַסרוסישע געהילפס־רוצחים באַוואָפנטע מיט פּולעמיאָטן. אין דער זײַט: 2 אָפענע לאַסט־אויטאָמאָבילן, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען פעסער מיט וואַפנע, כלאָר און אַ סך שופלען.

דאָס מאַשין־געווער, וואָס איז געווען געצילט אויף אונדז האָט אַזוי ניט פונאַנדערגעשרויפט די נערוון, ווי די צוויי אויטאָס מיטן קאַלך און די שופלען.

אַרום און אַרום האָבן זיך געצויגן פעלדער, ברייט און ווײַט, ביזן האָריזאָנט, ווו ס׳האָבן זיך דײַטלעך אויסגעטיילט די ראַנדן פון אַ וואַלד.

כ׳בין געזעסן אויף דער ערד צוזאַמען מיטן געוועזענעם דירעקטאָר פון ווילנער פאָלקסבאַנק אויף פּאָהולאַנקע, זאַקהיים. איך בין געווען באַפרײַנדעט מיט אים אין ווילנע נאָך פון פאַר דער מלחמה. ער האָט ניט אויפגעהערט צו רייכערן איין ציגאַרעט נאָכן אַנדערן, וועלכע ער האָט אַליין צונויפגעדרייט אין פּאַפּיר און געבעטן בײַ גאָט, אַז דער טאַביק זאָל אים קלעקן ביז זײַן לעצטן אָטעם... אין די רייד האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גאָלדענעם זייגער און זיך אָנגערופן צו מיר:

— איר זעט, ענגעלשטערן, אָט דעם זייגער האָט מיר מײַן פרוי געקויפט אַ מתּנה צו דער חתונה. די מערדערס ווילן דעם זייגער ניט ירשנען, — און בײַ די ווערטער האָט ער אַ זעץ געטאָן דעם גאָלדענעם זייגער אין אַ שטיין און נאָך דעם אים אַרײַנגעשטופּט אין דער בלאָטי־קער ערד. דערנאָך האָט ער זיך ווײַטער אָנגערופן צו מיר. דאָס זענען געווען זאַקסהיימס לעצטע ווערטער:

— איך בין שוין ניט יונג, איך האָב ניט קיין כּוח צו לויפן, אָבער איר, ענגעלשטערן, זײַט נאָך יונג, איר טאָרט זיך ניט לאָזן פירן ווי אַ בהמה צו דער שחיטה, אַנטלויפט בײַ דער ערשטער געלעגנהייט און שטאַרבט כאָטש מיט אַ בכּבֿודיקן טויט...

אַזוי ווי ער האָט געענדיקט די דאָזיקע ווערטער האָבן מיר דערזען ווי עס שטופּט זיך צווישן דער געדיכטער מאַסע מענטשן אַ מיטל־יעריקער ייִד. ער איז געווען אַ בעקער. אין געטאָ האָט מען אים געהאַלטן

פאַר אַן אָפּגעשטאַנענעם מענטש. אָבער אָט דער ייִד האָט מיט זײַן אָפּ־געשטאַנענעם שׂכל פאַרשטאַנען אַ סך מער פון אַנדערע, וואָס מען דאַרף טאָן אין דער לעצטער מינוט. ער האָט זיך פּאַוואָליע געשאַרט צווישן דער מאַסע מענטשן און שטילערהייט געטענהט:

— ייִדן, איר זעט דאָך שוין ווי מיר האַלטן אין דער וועלט און וואָס די דײַטשן וועלן באַלד פון אונדז מאַכן. מיר האָבן איין אויסוועג: לאָמיר נעמען פון דאַנען די שטיינער און וואַרפן אין די מערדערס און מיט אַ מאָל זאָל מען זיך צעלויפן אין אַלע זײַטן איבער די פעלדער. זיי וועלן שיסן אין אונדז, נו, טאָ איז וואָס, זאָלן זיי שיסן, אַלץ איינס גייען זיי דאָך אונדז שיסן. לאָמיר כאָטש שטאַרבן מיט כּבֿוד און ניט ווי בהמות, און אפשר וועט זיך עמעצער ראַטעווען?

איך בין מיטגעריסן געוואָרן פון זײַנע לאָגישע און פאַרשטענדלעכע ווערטער. אָבער קיינער האָט זיך גאָרניט צוגעהערט צו זײַנע רייד, יעדער איז געווען פאַרזונקען אין זײַנע אייגענע געדאַנקען. און ער האָט ניט אויפגעהערט זיך צו שטופּן צווישן דער געדיכטער מאַסע און איז ניט מיד געוואָרן עס איבערצוחזרן אַזוי כּסדר.

צו מײַנע אויערן זענען דערגאַנגען אָפּגעריסענע ווערטער פון די דערבײַ זיצנדיקע מענער און פרויען:

„מסתּמא איז אונדז אַזוי באַשערט, ווײַל מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן דעם רבונו־של־עולם". „מיר ווילן סײַ־ווי מער ניט לעבן. מיר האָבן שוין מער קיין כּוח ניט צו לעבן און צוצוזען דעם צער פון אונדזערע קינדער" — און נאָך אַנדערע טענות... צו וואָס זיך ראַטעווען? צו וואָס זיך קלאַמערן אין אַזאַ לעבן? אַז אָט, נאָך אַ ווײַלע, און מ'וועט ווערן אויסגעלייזט פון דעם פינצטערן גורל...

און די גאַנצע עדה ייִדן, איבער פינף טויזנט מענער, פרויען און קינדער זענען געזעסן ווי פאַרמישפּטע, רעזיגנירטע און מיט אויסגע־לאָשענע אויגן געוואַרט, אַז די היטלעריסטן זאָלן זיי באַפרײַען פונעם גיהנום אויף דער וועלט.

ווען מיר האָבן דערהערט דעם באַפעל זיך אויסצושטעלן צו פיר

אין אַ ריי איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. מאַמעס האָבן געזוכט זייערע קינ־דער און די געשרייען האָבן געקאָנט שפּאַלטן הימלען.

און ווידער אַ באַפעל — מאַרשירן!

גראָד אין דעם מאָמענט האָט זיך ביי מיר אויפגעוועקט אַ חשק צו לעבן.

אַרום און אַרום גרינע פעלדער,ביימער. אַלץ אַרום בליט און מיר דאַרפן גראָד איצט זיך געזעגענען מיטן לעבן.

אָט זענען מיר שוין אַריינגעגאַנגען אין דעם שמאָלן קאַשאַראָווע־געסל.ביידע זייטן געסל זענען געדיכט אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע מערדערס. מיר טאָפּטשען מיט די פיס אין דער טיפער בלאָטע פון דער ניט־ברוקירטער גאַס. יעדער טריט ווייטער דערנענטערט אונדז צו דער לעצטער מינוט פון אונדזער לעבן.

ביים אויסשטעלן זיך אין דער ריי האָב איך שוין אויסגערעכנט צו זיין דער ערשטער פון ברעג. מיינע שכנים פון דער ריי האָבן שוין געוווּסט פון מיין פּלאַן און זיי האָבן געזאָגט, אַז ווי נאָר איך וועל אַרויס־לויפן פון דער ריי וועלן זיי גלייך ציִען נאָך מיר. די היטלעריסטן זענען געגאַנגען האַרט לעבן מיר און איך האָב נאָכגעקוקט יעדן בליק זייערן. איך האָב געזוכט מיט מיינע אויגן אַ לאָך אין דעם צעבראָכענעם פּלויט, ווו איך זאָל קאָנען אין געהעריקן מאָמענט אַריינלויפן. אָט ענדיקט זיך שוין באַלד דאָס לאַנגע געסל מיט די הייזער, די נערוון זענען ביי מיר אָנגעשטרענגט ביזן העכסטן גראַד, און בליץ־שנעל האָב איך באַ־שלאָסן — איצט איז די צייט! אַרויסגעלאָפן פון מיין ריי און אַריינגעלאָפן אין דער לאָך פון פּלויט. אויך די איבעריקע דריי פון מיין ריי האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. און אַזוי גלייכצייטיק פון אַנדערע רייען. די דייטשן האָבן געעפנט אויף אונדז אַ געדיכטן פייער פון ביקסן און אויטאָ־מאַטן.

אויף יענער זייט פּלויט בין איך אַנידערגעפאַלן אין דער נאַסער בלאָטע, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און אַראָפּגעשאַרט דאָס היטל איבערן פּנים און נאָך דעם פונאַנדערגעלייגט די הענט אין דער ברייט, ניט

געבנדיק דעם מינדסטן באַוועג מיטן קערפּער, ווי איך וואָלט געווען טויט... איך פיל, אַז די קוילן האָבן מיך דאָס מאָל אויסגעמיטן.

איך ליג און שפּיר ווי די מערדערס לויפן פאַרביי.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט און כ׳האָב שוין מער ניט געהערט קיין ווילדע געשרייען האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די רייען מיט די פאַרמישפּטע יידן זענען שוין אַדורך דורכן געסל. כ׳האָב עטוואָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. כ׳האָב דערזען נאָענט אַ קלאָזעט, און ווען איך האָב אַ ביסל העכער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזען אַז קיינער איז לעבן מיר ניטאָ, האָב איך זיך גענומען שאַרן אויפן בויך צום קלאָזעט און זיך אַריינגעכאַפּט אינעווייניק.

כ׳בין צוגעפאַלן מיט די אויגן צו די שפּאַרונעס פון קלאָזעט און דערזען: אַרום און אַרום אויף דעם פעלד הרוגים.

מיינע געדאַנקען זענען אין גאַנצן געוואָרן אָפּגעטעמפּט און אין ערשטן מאָמענט האָב איך אַפילו ניט געקאָנט באַנעמען מיין לאַגע אין וועלכער איך האָב זיך פלוצעם געפונען. מיינע קליידער זענען געווען אויסגעוויקט פונעם ליגן אין דער נאַסער בלאָטע, עס האָט מיך געשוידערט פון קעלט. די גאַנץ פונעם אָנגעפילטן אָפּטריט זענען מיר געקראָכן אין האַלדז ביז דערשטיקט צו ווערן.

טרערן האָבן אַ פלייץ געטאָן פון מיינע אויגן און גערונען איבער מיין בלאָטיקן פּנים און איך האָב מיט בלאָטיקע הענט זיי געווישט. ווי לאַנג דאָס האָט אַזוי געדויערט געדענק איך ניט. איך געדענק נאָר, אַז אַ שטאַרקע שיסעריי האָט מיך מיט אַ מאָל צוריקגעבראַכט צום באַוווסטזיין. די טרערן האָבן באַלד אויפגעהערט. איך האָב תיכּף באַגריפן, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער טראַגישער אַקט. עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן אויסדאַכטן, אַז איך הער צוזאַמען מיט דעם שיסעריי דאָס געשריי פון די גוססדיקע.

דאָס שיסעריי האָט ניט אויפגעהערט אויף אַ מינוט. און אין דער זעלבער צייט האָב איך דערזען דורך די שפּאַרונעס ווי עס פאָרן אויטאָ־

מאָבילן, אין וועלכע עס זענען געזעסן אַ פּנים הויכגעשטעלטע נאַציס, זיי זענען עס געפאָרן צום מאַרדפּלאַץ אָנקוקן ווי זייערע קאַמעראַדן פירן דורך די אויסראָטונג פון יידישן פאָלק. אָט די דאָזיקע אויטאָמאָבילן זענען געפאָרן הין און צוריק, ברענגענדיק נײַע בעלנים אויף צוקוקן זיך ווי עס גיסט זיך יידיש בלוט.

אָט אַזוי האָבן זיך געצויגן מינוטן און שעהען און איך זיץ נאָך אַלץ אין דעם עיפּושדיקן קלאָזעט, כ'האָב מורא אַרויסצוגיין, איך זאָל ניט אָוועקגעשלעפּט ווערן צו די גריבער. פאַר נאַכט האָט דאָס שיסערײַ אויפגעהערט. אַ סימן אַז די שחיטה איז געענדיקט.

און טאַקע באַלד האָב איך דערזען אויטאָמאָבילן, ווי זיי פאָרן צוריק פון מאַרדפּלאַץ. און אַ ווײַלע שפּעטער — לאַסטאויטאָס פול מיט בגדים. די קרבנות האָבן זיך געמוזט אויסטאָן איידער די מערדערס האָבן זיי אומגעבראַכט.

ס'האָט מיך אויפגעשוידערט פון דער אַנטדעקונג.

אין דער זעלבער צײַט האָב איך באַמערקט ווי לאַסט־אויטאָמאָבילן פאָרן צו די הײַזער, אין וועלכע עס זענען נאָך די נאַכט געשלאָפן די יידן. ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן טראָגן אַרויס פון דאָרט דאָס האָב־און־גוטס און פאָרן אָפּ.

קלאָר, אַז איך מוז פאַרשווינדן פון דעם אָפּטריט, ווען ניט וועל איך אַרײַנפאַלן צו די מערדערס אין די הענט.

ווי נאָר עס איז געוואָרן נאַכט און עס האָבן אויפגעהערט צו קומען די אויטאָמאָבילן אַרויסצופירן די זאַכן פון די דערמאָרדעטע, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מײַן באַהעלטעניש. כ'האָב זיך אָריענטירט, אַז אויפן גאַס האָט מען געוויס אָוועקגעשטעלט פּאָסטנס, כדי די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל דורך נאַכט ניט צעראַבעווען די יידישע הײַזער. איז מיר געבליבן איין וועג: דורך די פעלדער. אפשר וועט מען אין דער פינצטער־קייט מיך ניט באַמערקן.

11

# גוטע מענטשן

איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פון קלאָזעט און אָנגעהויבן זיך צו שאַרן אויף די קני. איך האָב געפּויזעט אַ לאַנגע צײַט איבער די פעלדער, וואָס זענען נאָך געווען נאַס פון דעם ניט לאַנג צעגאַנגענעם שניי. איך האָב דערזען פאַר זיך נידעריקע קוסטעס. דאָ האָב איך באַשלאָסן צו בלײַבן ביז עס וועט ווערן טאָג.

ווען עס איז געוואָרן עטוואָס ליכטיק האָב איך דערזען אַז כ׳האָב דורך נאַכט דורכגעמאַכט אַ היפּשן מהלך. קיין געלע לאַטעס האָב איך שוין אויף זיך ניט געהאַט, נאָך אין קלאָזעט אַראָפּגעריסן. איך האָב מיט שנעלע טריט גענומען זיך דערווײַטערן טיפער אין די קוסטעס. אויסגעזוכט אַ געדיכטן קוסט און זיך פאַרמאַסקירט. אָט דאָ האָב איך באַשלאָסן צו ליגן אַזוי לאַנג ביז איך וועל קאָנען אויסהאַלטן דעם הונגער און דאָרשט. אויסגעשעפּט פון די כּוחות — בין איך אָנידער־געפאַלן און באַלד אײַנגעשלאָפן.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון אַ שטאַרקן בילערײַ. אַ סימן אַז ניט ווײַט געפינען זיך הײַזער. דער דאָרשט האָט מיך געמאַטערט, ניט אויסצוהאַלטן, אָבער כ׳האָב ניט געוואַגט צו פאַרלאָזן מײַן באַהעלטעניש. כ׳האָב באַשלאָסן צו בלײַבן ווײַטער ליגן אין דער נאָרע ביז מאָרגן. כ׳בין אַזוי אָפּגעלעגן דרײַ מעת־לעת. לענגער האָב איך שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן. דאָס איז שוין געווען דער דריטער טאָג ווי איך האָב קיין טראָפּן וואַסער ניט געהאַט אין מײַן מויל.

פאַר מיר איז געשטאַנען די פראַגע: וווּ זאָל איך איצט גיין?

צוריק אין לידע — האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. איך האָב פריער געמוזט האָבן אַ שטוב, ווו זיך אַרומצווואַשן און אָפּרייניקן כאָטש אַ ביסל מײַנע בגדים, וואָס זענען געווען אויסגעשמירט אין בלאָטע, כּדי עס זאָל אויף מיר ניט פאַלן קיין חשד, אַז כ׳בין אַן אַנטלאָפענער פון דער שחיטה.

כ׳האָב פאַרלאָזט מײַן מאַלינע און געגאַנגען ערגעץ זוכן אַ הויז. אָפּגייענדיק בײַ אַ האַלבן קילאָמעטער האָב איך דערזען פון ווײַטן אַ שטוב. פאָרזיכטיק האָב איך זיך דערנענטערט צו דער שטוב. אַ פויערטע איז געשטאַנען פאַר דער טיר. איך בין צו איר צוגעגאַנגען און זי גע־פרעגט, צי איך קאָן באַקומען אַ טרונק וואַסער. זי האָט אויף מיר בעת מעשׂה אַ קוק געטאָן מיט פאַרדאַכט, אָבער זי האָט מיך גאָרניט געפרעגט, אַרײַן אין שטוב און באַלד צוריק אַרויס מיט אַ קענדל וואַסער. איך האָב זיך צוגעכאַפּט מיט אַ געוואַלדיקער גיריקייט צום וואַסער. די קריסטין איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע. זי האָט שוין, אַ פּנים, זיך אָנגע־שטויסן פון וואַנען איך קום...

אָפּגעבנדיק איר צוריק דאָס קענדל האָב איך זי געפרעגט, צי עס געפינען זיך ניט בײַ איר אין שטוב קיין פרעמדע מענטשן און צי זי וואָלט מיר דערלויבט זיך אַרומצווואַשן. אויף דעם האָט זי אַן וואַקלע־נישן מיך גלײַך אַרײַנגעבעטן אין שטוב אַרײַן.

אין הויז האָב איך געטראָפן איר מאַן. זיי האָבן שוין דאַן ביידע ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון מיר. אויף זייערע פּנימער האָב איך געזען שטוינונג. מיט אַ מאָל האָט די פויערטע פאַרבראָכן אירע הענט און איבערצלמענדיק זיך עטלעכע מאָל, אויסגערופן: „אָ, באָזשע מאָי״.

די פויערטע מיט איר מאַן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער פרומע קאַטאָליקן און זייער גוטע מענטשן. איך האָב געהאַט גרויס מזל אַרײַנ־צוטרעפן אין אַזאַ הויז. זיי האָבן מיר געהייסן אַראָפּוואַרפן פון זיך די בלאָטיקע בגדים און מיר געגעבן אַ כאַלאַט אַרויפצוּוואַרפן אויף זיך. דערנאָך האָבן זיי אויפגעהאָנגען טריקענען מײַנע בגדים אויפן אָנגע־הייצטן אויוון. די קריסטין האָט אויך אָנגעוואַרעמט אַ גרויסן טשײַניק

מיט וואַסער פאַר מיר אַרומצוואַשן זיך און דערנאָך מיר געגעבן צו עסן און טרינקען. ביי זיך האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אַ פּנים, אַז ניט אַלע גויים זענען פאַרדאָרבן. נאָכן עסן האָב איך זיי דערציילט וואָס מיט מיר איז געשען.

ווען איך האָב געענדיקט, האָבן זיי מיר געהייסן אַרויפקריכן אויפן אויוון, זיך לייגן שלאָפן.

איך בין געשלאָפן די נאַכט אויפן אויוון און פאַר טאָג האָבן די גוטע מענטשן מיך געהייסן אַריינגיין אין שייער און זיך באַהאַלטן אין דעם היי. טאָמער, האָבן זיי געזאָגט, קומען אַריין שכנים פון די אַרומיקע הייזער און זיי וועלן מיך באַמערקן, קאָן זיך אַ מאָל אויסלאָזן גאָר שלעכט סיי פאַר מיר און סיי פאַר זיי.

איך בין גלייך אַראָפּגעקראָכן פון אויוון און מיטגענומען אין שייער מיינע זאַכן, וואָס האָבן זיך דורך נאַכט אויסגעטריקנט. אין שייער האָב איך די קליידער געגומען אָפּרייניקן ווי עס איז פון דער בלאָטע.

ליגנדיק אין שייער האָב איך ערשט פאַרשטאַנען מיין ביטערע לאַגע: ווער ווייס וואָס מיט מיר וואָלט געשען, ווען איך טרעף ניט אַריין צופעליק צו אַזעלכע פיינע און ערלעכע מענטשן? וואָס טוט מען ווייטער? ווו טוט מען זיך אַהין?

ווען די קריסטין האָט מיר אַריינגעטראָגן עסן אין שייער האָב איך זיך פאַר איר אַראָפּגערעדט, וואָס ס׳מאַטערט מיך. זי האָט געזאָגט, אַז זי גייט באַלד אין שטאָט, וועט זי זיך נאָכפרעגן ווו די יידן געפינען זיך. כ׳האָב פריי׳ער אָפּגעאָטעמט. פאַר נאַכט איז די קריסטין צוריקגע־קומען מיט דער בשורה, אַז די געטאָ געפינט זיך אויף פאָסטאָווער גאַס. איצט האָב איך געהאַט אַן אויסוועג — גיין צוריק אין געטאָ, בפרט נאָך, אַז ס׳איז די זעלבע ווו איך בין געווען פאַר דער שחיטה. אויפן וועג אין געטאָ האָט אָבער געלויערט די געפאַר אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער כוליגאַנישער ווייסרוסישער פּאָליציי. בעמענדיק אין באַ־טראַכט די געפאַר האָב איך באַשלאָסן, אַנשטאָט אין געטאָ צו גיין פריער אין דער קיך, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אויסער דער

גערטאָ. דער חשבון איז געווען, אַז דאָרט וועל איך קאָנען דערוויסן זיך פּרטים און מיט די אַרבעטערס פון קיך זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ. די גוטע קריסטין האָט מיר אָפּגעמאָלט ווי אַזוי מען קאָן צוקומען אַהין מיט זײַטיקע וועגן. באַדאַנקט האַרציק די אײדעלע קריסטן, האָב איך זיך געלאָזט גיין מיט אומוועגן צוריק אין געטאָ און בשלום אָנגעקומען אויפן אָרט.

12

## עדות פון הריגה־פלאַץ

פון איינעם וועלכער האָט זיך געפונען צווישן די קנאַפּע 6 טויזנט צום טויט פאַרמישפּטע און האָט צוגעזען די שחיטה איבער די לידער ייִדן האָב איך זיך דערוווּסט וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן הריגה־פּלאַץ נאָך מײַן אַנטלויפן. ער האָט זיך געראַטעוועט אויף אַן אומגלויב־לעכן אופן און אַ דאַנק אים ווייסן מיר פּרטים פון דער שוידערלעכער, בעסטיאַלישער שחיטה. דאָס איז מאָטל גירשאָוויטש, געהאַט אַ בעקערײַ אין לידע פאַר דער מלחמה. און געשען איז מיט אים עפּעס ענלעכס ווי מיט דעם ווילנער פּאַפּיר־סוחר שוב. וועלכער האָט געהאַט זײַן געשעפט אויף ראָג זאַוואַלנע און סטעפן־גאַס. בײַ וועמען עס האָט געאַרבעט הירשקע גליק, דער פאַרפאַסער פון „זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". אָט דער שוב, ווען ער האָט בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ דערזען פאַר זײַנע אויגן דעם טויט האָט ער אָנגעבאָטן איינעם פון די געסטאַפּאָ־רוצחים אַ זעקעלע גאָלד, אויב ער וועט אים לאָזן לעבן. דער נאַצי האָט שובן מיטגענומען אין געסטאַפּאָ־קוואַרטיר און נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען פון אים דאָס גאָלד האָט ער אים אַראָפּגעפירט אין קעלער און דערשאָסן...

*

די שיכּורע רוצחים האָבן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ צוגעטריבן די פאַרמישפּטע צום הריגה־פּלאַץ, צו די צוויי גרויסע אָפענע גריי־בער. אַ געדיכטער רינג פון באַוואָפנטע ליטווינער און ווײַסרוסישע פּאָליצײַ בראש מיט אַן „עס־דע"־קאָמאַנדאָ האָט זיי אַרומגערינגלט.

צו פערציק מאַן האָט מען זיי געפירט צו די גריבער. די מערדערס האָבן געגוי איבערגעציילט און באַפוילן, אַז זיי זאָלן זיך אויסטאָן און די זאַכן אָוועקלייגן אויף אַן אָנגעוויזענעם פּלאַץ. ווען זיי זענען שוין געבליבן נאַקעט, האָט די „עס־דע״ געלאָזן אין גאַנג די פּולעמיאָטן.

אָט אַזוי, סיסטעמאַטיש, האָבן די דײַטשע בעסטיעס געטריבן גרופּע נאָך גרופּע צו די גריבער און סעריעס קוילן האָבן פאַרענדיקט די מלאכה.

וועגן די האַרצרײַסנדיקע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט איידער די אומגליקלעכע האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם, וועגן די הילפסלאָזע געשרייען פון די מאַמעס, בײַ וועמען די מערדערס האָבן אַרויסגעריסן זייערע קליינע קינדער פון די הענט און זיי געשלײַדערט אין די גריבער, האָט אונדז דערציילט גירשאָוויטש.

אַ ווילנער ייִד, וואָס איז אויך געווען אויפן הריגה־פּלאַץ מיט זײַן משפּחה, — מיניקעס — וועמען כ׳האָב גראָד געקענט סײַ פון ווילנע און סײַ פון לידער געטאָ, זעענדיק ווי עס דערנענטערט זיך די לעצטע מינוט פון זײַן לעבן, האָט אין פאַרצווייפלונג אויסגעשריִען צום דערבײַ שטייענדיקן דײַטש, אַז ער האָט פאַרגראָבן גאָלד אין געטאָ; אויב מען וועט אים לאָזן לעבן, וועט ער אים אָוועקגעבן דאָס גאָלד.

דער דײַטש האָט אים מיט זײַן ווײַב אַרויסגענומען פון דער ריי און אָפּגעפירט אין אַ זײַט.

גירשאָוויטש, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס דער ווילנער האָט געזאָגט צום נאַצי, האָט אויך אָפּגעזאָגט אָט דעם זעלבן פּזמון צו אַ צווייטן דײַטש. דער דײַטש האָט גירשאָוויטשן אַרויסגענומען פון דער ריי און אים אָוועקגעשטעלט לעבן דער משפּחה מיניקעס.

באַלד זענען צוויי באַוואָפנטע דײַטשן געגאַנגען מיט זיי אין געטאָ, אַרויסצונעמען דאָס באַגראָבענע גאָלד.

מיניקעס האָט געוווינט אין געטאָ אויף קאָשאַראָווע גאַס, און אַזוי ווי דאָס איז געווען ניט ווײַט פון מאָרדפּלאַץ זענען זיי פריִער געגאַנגען צו אים. גירשאָוויטש, דאַקעגן, האָט געזאָגט אַז ער האָט זײַן גאָלד אין

אַן אַנדער געטאָ. איז דער צווייטער דײַטש געגאַנגען מיט אים אין דער אַנדערער געטאָ.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָט גירשאָוויטש דערהערט עטלעכע שאָסן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון דער ריכטונג ווו מיניקעס איז אַוועק מיטן דײַטש; איז פאַר אים אַלץ קלאָר געוואָרן...

גירשאָוויטש האָט תּיכּף בײַ זיך אָפּגעמאַכט ווי אַזוי ווײַטער צו האַנדלען. ער האָט אָנגעהויבן צו פירן דעם דײַטש פון איין אָרט צום אַנדערן, ער האָט געזאָגט, אַז ער געדענקט ניט אַקוראַט דעם ריכטיקן פלאַץ, ווו ער האָט באַגראָבן דאָס גאָלד... זײַן חשבון איז געווען — געווינען דערווײַל צײַט. אָבער דעם דײַטש איז סוף־כּל־סוף מיאוס געוואָרן נאָכצושלעפּן זיך נאָכן ייִד, האָט ער אים באַפוילן גיין פאָרויס. גירשאָוויטש, פילנדיק וואָס דער דײַטש איז אויסן דערמיט, האָט אָנגעהויבן שנעל אַנטלויפן. דער דײַטש האָט געעפנט אויף אים אַ פײַער. גירשאָוויטש איז אַנידערגעפאַלן און געבליבן ליגן אין אַ טײַך מיט בלוט.

ווי זײַן ראַטעוועז זיך פון די גריבער, אַזוי דראַמאַטיש איז אויסגעפאַלן דאָס ברענגען אים אין געהיים צוריק אין געטאָ אַרײַן, ווו ער איז מאָנאַטן לאַנג געהאַנגען צווישן לעבן און טויט. דער באַרימטער לידער כירורג ד״ר מיאַסניק האָט איבער אים דורכגעפירט אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע און האָט אים געהיימערהייט געהיילט ביז דער דאָקטאָר מיט זײַן משפּחה איז פאַרשוווּנדן פון געטאָ צו די פּאַרטיזאַנער אין ליפּעטשאַנער פּושטשע. גירשאָוויטש איז אַ צײַט שפּעטער געזונט געוואָרן און אַוועק אין וואַלד.

אַזעלכע ווי מיניקעס און גירשאָוויטש, וואָס האָבן ביזן לעצטן מאָמענט ניט פאַרלאָרן דעם ווילן זיך צו ראַטעווען, זענען געווען אַ סך. די קליגסטע אײַנפאַלן האָבן אָבער טייל מאָל פאַרפירט, און נאָר דער בלינדער גורל האָט דעצידירט. אויב איך האָב געקאָנט אַרויסגיין אַ לעבעדיקער אין יענעם שוואַרצן טאָג, איז נאָך אַ באַווײַז דערויף.

ווער קאָן פאַרשטיין די וועגן פון דער השגחה?

13

## צוריק אין געטאָ

די אַרבעטערס פֿון קיך האָבן גלײַך באַמערקט, אַז איך קום פֿון „דאָרט", און נאָך איידער מען האָט מיך וואָס געפֿרעגט, האָבן די פֿרויען באַלד געפֿונען אַ שטיקל געלע שמאַטקע און פֿון דעם אויסגעשניטן געלע לאַטעס און מיר דאָס צוגעשפּיליעט פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן, איידער די קריסטלעכע פֿאַרוואַלטערין פֿון קיך איז אַרונטערגעקומען. די האָלצזעגערס האָבן מיך אַרײַנגענומען פֿאַר אַ שותּף און איך האָב גע־האָלפֿן זעגן און האַקן האָלץ. פֿון דער מינוט ביז איך פֿאַרזיגלט געוואָרן אין מײַן ווײַטערדיקן געטאָ־לעבן.

זעגנדיק דאָס האָלץ האָב איך זיי שוין אַלץ דערציילט, וואָס מיט מיר איז פֿאָרגעקומען פֿאַר די עטלעכע טעג. זיי האָבן מיך באַרויִקט און מיר פֿאַרזיכערט, אַז איך וועל קאָנען זײַן אין געטאָ לעגאַל, פּונקט ווי אַלע.

ווען די פֿאַרוואַלטערין איז אַרונטערגעקומען האָבן די אַרבעטערס איר געזאָגט, אַז איך בין געשיקט געוואָרן פֿון יודענראַט אויף צו העלפֿן זעגן דאָס האָלץ. פֿאַקטיש האָט זי טאַקע געפֿאָדערט נאָך מענטשן, אָבער דער יודענראַט האָט ניט געהאַט גענוג אַרבעטסהענט. אַזוי אַרום איז די פֿאַרוואַלטערין גאָר געווען צופֿרידן מיט מײַן קומען. זי וועט האָבן נאָך אַן אומזיסטן שקלאַף...

מיט אומגעדולד האָב איך געציילט די שעהען, עס זאָל זיך ענדיקן דער טאָג, איך זאָל קאָנען אַוועקגיין אין געטאָ, זען ווער עס איז געבליבן לעבן פֿון דעם שטיבל ווו איך האָב געוווינט.

פּאַר נאַכט, אַריינקומענדיק אין שטיבל, האָב איך דאָרט געטראָפן גאָר אַנדערע מענטשן, וואָס קיינעם פון זיי האָב איך פריִער ניט גע־קענט. פון די 23 פּערזאָן, וואָס האָבן געוווינט אין אַלע דרײַ שטיבלעך פונעם הויז, בין איך דער איינציקער געבליבן לעבן. איך האָב זיך גלײַך דערפילט ווי אַ פרעמדער צווישן די אומבאַקאַנטע, וועלכע האָבן ביז דער שחיטה געוווינט אין אַ צווייטער געטאָ. פון מײַן קנאָפּ ביסל זאַכן און וועש האָב איך שוין גאַנץ ווייניק געפונען.

איך האָב זיך צוריקגעקערט דעם פערטן טאָג ווי די אַלט־נײַע געטאָ האָט ווידער עקסיסטירט. 1300 ייִדן זענען געבליבן לעבן נאָך דער סעלעקציע. אייניקע טעג שפּעטער זענען צוגעקומען נאָך צוואַנציק מענ־טשן, וואָס האָבן זיך אויף פאַרשיידענע אופנים געראַטעוועט.

צוואַנציק! פון די קנאַפּע זעקס טויזנט ייִדן, וואָס די מערדערס האָבן אָוועקגעטריבן צו די גריבער.

דאָס לעבן אין געטאָ איז שוין אַנגעגאַנגען נאָרמאַל, אַזוי צו זאָגן, ווי ס׳וואָלט גאָרניט פּאַסירט מיט פיר טעג צוריק. דעם טרויער און ווייטיק נאָך דעם פאַרלוסט פון פאַמיליעס און נאָענטע האָט מען געטראָגן טיף אין האַרצן. האַנוועגס באַפעלן האָבן ווײַטער געמוזט פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן, אַזוי אַז מען האָט ניט געהאַט קיין צײַט אויף צו טרויערן נאָך די אומגעקומענע. אַ נײַער יודענראַט איז שוין אויך געווען, מיט אַ נײַעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט איבער דער נײַ־געשאַפענער געטאָ־פּאָליציי, און ייִדן זענען ווי פריִער אַרויסגעגאַנגען יעדן פאַרטאָג צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ.

אַנטקעגן מיין שטיבל, איבערן גאַס, האָט געוווינט אַ לידער משפחה ציגעלניצקי, וואָס האָט פאַרנומען אַ גאַנץ שטיבל פאַר זיך אַליין. טאַטע־מאַמע, 3 דערוואַקסענע טעכטער און אַ שנור מיט איר דרײַ־יעריק מיידעלע. אין געטאָ האָט מען דעם מאַן גערופן „הענעך דער געלער״. פון פאַך אַ טאָקער. אָט די משפחה האָט מיך געקענט פון פריִער, איך פלעג צו זיי אָפט אַרײַנקומען אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט. די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה אַ דאַנק די 2 טעכטער,

וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע. געוואָשן דאָרט וועש. בעת דער ליקווידאַציע פון לידער געטאָ, אין סעפּטעמבער 1943, זענען זיי אַוועקגעפירט געוואָרן צום אומקום. בלויז איין טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט, אַנטלויפנדיק פון באַן. זי איז דערנאָך געקומען אין בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. (נאָך דער מלחמה עולה געווען קיין ישראל).

אָט די ציגעלניצקיס האָבן זיך דערפרייט מיט מײַן רעטונג, פּונקט ווי איך וואָלט געווען איינער פון זייער משפחה. זעענדיק אַז איך פיל זיך איינזאַם צווישן די ניט־באַקאַנטע מענטשן אין מײַן שטיבל האָבן זיי מיך אַרײַנגעבעטן אין זייער שטוב, צו וווינען מיט זיי צוזאַמען, און האָבן מיך טאַקע אַדאָפּטירט צו זייער משפּחה. כ׳בין שוין אַזוי געווען בײַ זיי ביז דעם טאָג פון מײַן אַוועקגיין אין וואַלד.

אַזוי ווי איך האָב דורך דעם טאָג וואָס איך בין געווען אין קיך געזען, אַז דאָרט וואָלט פאַר מיר געווען אַ גוטער פּלאַץ צו אַרבעטן, האָב איך געבעטן אין יודענראַט מען זאָל מיך שיקן אַהין, און אַזוי איז געווען. אויף מאָרגן האָט מיך דער יודענראַט געשיקט אַרבעטן אין קיך. דאָס איז שוין געווען מײַן לעצטע אַרבעט־שטעלע אין געטאָ.

✶

די פאַרוואַלטערין פון דער קיך, ווי כ׳האָב שוין פריִער דערמאָנט, איז געווען אַ פּוילישע מיטל־יעריקע פרוי. איר פאַמיליע איז געווען טאָמאַשעוויטש. אַ פרומע קאַטאָליקין, אָבער אַן אַנטיסעמיטקע. איר מאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּוילישער רעאַקציאָנערער ענדעקישער פּאַרטיי. ווען די סאָוועטן האָבן פאַרנומען לידע אין 1939 האָבן זיי צווישן אַנדערע אויך אַרויסגעפירט קיין סיביר איר מאַן. פון דאַן אָן האָט זי נאָך מער געברויזט מיט שׂינאה צו ייִדן. זי האָט געהאַלטן, אַז ייִדן זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרשיקונג פון איר מאַן קיין סיביר...

אָט די דאָזיקע אַנטיסעמיטקע איז געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע איבער די ייִדישע פּראָדוקטן־פּאַרציעס, וואָס זי פלעגט אָפּנעמען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פאַר דער געטאָקיך. די פּאָרציעס גרויפּן און

קאַרטאָפל, וואָס די נאַציס האָבן צוגעטיילט פאַר יעדער פערזאָן אין געטאָ זענען געווען פיל קלענער ווי פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקע־רונג. האָט נאָך פון דעם אָט די האַרצלאָזע פאַרוואַלטערין העלפט אַראָפּ־געגנבעט און פאַרקויפט, און געמאַכט פאַרמעגנס געלט אויפן חשבון פון די הונגעריקע ייִדן.

אַ פּײַערדיקער צאָרן האָט געברענט אין מיר אויף אָט דער פינצ־טערער, כלומרשט גאָטספאָרכטיקער קאַטוילערין, וואָס האָט באַראַבעוועט די שוצלאָזע ייִדן און זיי געלאָזט הונגערן. וואָס האָבן מיר אָבער געקאָנט דערצו טאָן? אונדזערע לעבנס זענען געווען אין אירע הענט. זי האָט עס גוט געוווּסט און זי האָט עס אויסגעצייכנט אויסגענוצט פאַר אירע פּערזענלעכע אינטערעסן.

האָט פּאַסירט, אַז ס'איז קראַנק געוואָרן דער קוכער און איז מער ניט געקומען צו דער אַרבעט. מען האָט געדאַרפט האָבן אַן אַנדער קוכער. גייט צו צו מיר אָט די פאַרוואַלטערין, גלייך אין דער פרי ווען איך בין געקומען צו דער אַרבעט, און זאָגט צו מיר:

— לייזער, בענדזשיעש קוכאַזשעם (לייזער, דו וועסט זײַן דער קוכער).

איך האָב איר אויף דעם געענטפערט, אַז כ'ווייס ניט מיט וואָס מע עסט עס. האָט זי געגעבן אַ טופּע מיטן פוס און מיט כּעס אויסגערופן:

— מילטש, פּשיאַקרעוו (שווייג, דו הינטיש בלוט!).

באַלד האָט זי געהייסן די ווײַבער, וואָס האָבן געאַרבעט בײַם שיילן קאַרטאָפל, זיי זאָלן מיר ווײַזן וואָס איך דאַרף טאָן.

די פרויען האָבן מיך באַרויִקט, זעענדיק מײַן צעשראָקענעם פּנים און מײַן אומבאַהאָלפנקייט. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט צו העלפן און פאַר־זיכערט, אַז איך וועל טרעפן די אַרבעט פּונקט ווי דער פריִערדיקער קוכער, וואָס האָט אויך פון אָנהייב גאָרניט געקענט.

פון דאַן אָן בין איך געוואָרן אַ קוכער. עס האָט גענומען אַ פּאָר טעג און איך האָב שוין באַהערשט די דאָזיקע מלאכה, און באַלד האָבן אַלע אין געטאָ, ווו זייער ווייניק מענטשן האָבן מיך געקענט, שוין גע־

ווּסט ווי אַזוי איך הייס — „לייזער דער קוכאַר" — אַלע האָבן מיך מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו רופן מיט אָט דעם נאָמען.

אין דער זעלבער וואָך ווען די דײַטשן האָבן דורכגעפירט די גרויזאַמע שחיטה איבער די לידער ייִדן האָבן זיי דאָס זעלבע געטאָן אין די אַלע שטעטלעך, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אַפּוטרופּסות פון לידער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג. אויך דאָרט זענען פאָרגעקומען סעלעקציעס. די צען שטעטלעך פון לידער קרײַז, ווו עס האָבן זיך געפונען אַן ערך, ווי מען האָט דאַן אָפּגעשאַצט, 30 טויזנט ייִדן, האָבן די מערדערס בעת די סעלעקציעס אָפּגעקליבן אַן ערך 2 טויזנט פון די וויכטיקסטע פאַכלײַט, ווי שנײַדערס, שוסטערס און מעכאַניקערס.

גלײַכצײַטיק איז אַראָפּגעקומען אַ באַפעל צו מאַכן די דאָזיקע שטעטלעך „יודענריין" און די איבערגעבליבענע ייִדן אַריבערשיקן אין לידער געטאָ. האָט די איינציקע געטאָ פון גאַנצן דעם קרײַז געהאַט אַריבער 3 טויזנט ייִדן.

האַרצרײַסנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט צווישן די נײַ־צוגעקומענע. די וווּנדן זענען נאָך געווען פריש. זיי האָבן געווייטיקט נאָך די אָקערשט פאַרלוירענע משפּחות און קיינער האָט זיי ניט געקאָנט טרייסטן. ביי די לידער זענען די וווּנדן נאָך דער שחיטה אויך ניט געווען פאַרהיילט.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געוואָרן פיל גרעסער ווי פאַר דעם חורבן. אין דער זעלבער צאָל הײַזער, ווו ס'האָבן געוווינט אַן ערך 2500 נפשות, האָט געמוזט געשאַפן ווערן פּלאַץ פאַר די צוגעקומענע. מען האָט זיך צונויפגעדריקט אַ ביסל ענגער און עס איז געוואָרן פּלאַץ פאַר אַלעמען.

די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן פאַרלוירן אַזוי פיל בעל־מלאכות אין דער שחיטה, האָבן איצט אָנגעהויבן זיך צו פאַרפולן מיט די נײַ־צוגעקומענע פאַכאַרבעטערס. ביסלעכווײַז האָט מען זיך צוגעפּאַסט צו דער נײַער לאַגע און דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן „נאָרמאַליזירט".

אויך אין קיך, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס קוכער, האָט זיך די ענ־דערונג גלײַך געלאָזן פילן — עס זענען צוגעקומען מער עסערס. איך האָב שוין דאַן געדאַרפט קאָכן צוויי גרויסע קעסלען 2 מאָל אַ טאָג, 12 בײַ טאָג און פאַר נאַכט. ווען די אַרבעטערס זענען געגאַנגען פון דער אַרבעט האָבן זיי מיטגענומען זייערע פאַרציעס זופּ אין געטאָ אַרײַן. איך פלעג האָרעווען איבער מײַנע כּוחות, אָבער כ׳בין געווען צופרידן.

עס האָט מיך אָבער געקרענקט וואָס די אַנטיסעמיטישע פאַרוואַל־טערין באַגנבעט אונדז און כ׳דאַרף אויסטיילן וואַסערדיקע זופּ די הונגעריקע מענטשן. איך בין געווען הילפסלאָז קעגן איר. אָבער פּלוצ־לונג איז געקומען אַן ענדערונג צום גוטן אויך אויף דעם געביט.

צווישן די צוגעקומענע ייִדן איז געווען אַ קליינע צאָל ישיבה־בחורים, פּליטים פון ראַדון, איבערגעבליבענע פון דער דאָרטיקער שחיטה. איינער פון די ישיבה־בחורים איז אָנגעקומען אַרבעטן אין קיך. אָט דער ישיבה־בחור, חיים האָט ער געהייסן, האָט ממש אויפגעטאָן ווונדערס. ער האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דער אויפפירונג פון דער האַרצלאָזער פּוילישער פאַרוואַלטערין פון דער קיך.

וועגן חיימס פרומקייט פאַרשפּאָר איך צו דערציילן, אויב איך וועל בלויז זאָגן, אַז די אַרבעטערס פון קיך האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן. מיר פלעגן ווערן אויפגעמונטערט פון זײַן בטחון.

— איך זאָג אײַך, לייזער, אַז מיר וועלן דערלעבן די ישועה גאָר בקרוב — פלעגט ער תּמיד מיך טרייסטן.

זײַן פרומקייט האָט אויך גלײַך באַמערקט די אַנטיסעמיטישע פאַר־וואַלטערין און פון ערשטן טאָג געהאַט צו אים גאָר אַן אַנדער באַציִונג.

אויך חיים האָט זיך דערוווּסט פון די שיינע מעשׂים פון דער פאַר־דאָרבענער גויע. ער האָט געציטערט מיט אַלע זײַנע אברים, ווען מיר פלעגן כּסדר ריידן וועגן אירע גנבות.

איין מאָל האָט די פאַרוואַלטערין זיך געוואָנדן צו אים מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל בעטן גאָט פאַר איר מאַן, זי וויל באַקומען כאָטש אַ ידיעה אַז ער לעבט.

חיים האָט איר גאָרניט געענטפערט דערויף. דאַרף זיך גראָד מאַכן, אַז קורץ נאָך איר וועגדונג צו אים האָט זי באַקומען אַ טעלעגראַמע פון איר מאַן פון טערקיי, אַז ער איז געזונט...

די גויע איז שיער ניט משוגע געוואָרן פון שׂימחה. כ׳ווייס ניט, צי זי האָט אויף אַן אמת געגלייבט אַז דאָס האָט געהאָלפן וואָס חיים האָט „געבעטן בײַם רבונו־של־עולם פאַר איר מאַן״... אָבער דער רעזולטאַט פון אָט דער טעלעגראַמע איז געווען אַ גאָר גוטער פאַר אַלע הונגעריקע אין געטאָ. עפּעס איז פאָרגעקומען אַן איבערבראָך אין איר געוויסן און פון דאַן אָן האָט זי אָנגעטרויט חיימען דעם שליסל פונעם סקלאַד מיט די פּראָדוקטן און דעם שליסל פון קעלער מיט די קאַרטאָפל, און חיים האָט שוין געזען אַז אין קעסל זאָל אַרײַנקומען גענוג גרויפּן און קאַר־טאָפל און איך האָב שוין געקאָנט אויסקאָכן אַ געדיכטע זופּ, מיט וואָס די הונגעריקע ייִדן פון געטאָ האָבן געקאָנט שטילן דעם הונגער.

דאַן האָב איך אָנגעהויבן פילן אין מײַן שווערער אַרבעט אַ שטיקל באַפרידיקונג. עס איז מיר שוין גאָר ניט שווער געווען צו שטיין ביי דעם גרויסן זודיקן קעסל, פאַרשלייערט אין פּאַרע און מישן מיט דער גרויסער הילצערנער לאָפּעטע, כּדי די זופּ זאָל ניט צוברענען צום דעק.

גלײַכצײַטיק האָט חיים אויך געפּועלט בײַ דער טאָמאַשעוויטשאָווען צו קאָכן אַ באַזונדערן קליינעם קעסעלע זופּ פאַר זײַנע חברים ישיבה־בחורים, כּדי זיי זאָלן ניט מוזן עסן פון דעם ניט־כּשרן קעסל. פּאַקטיש איז די זופּ געקאָכט געוואָרן אָן קיין שום פעטס, נאָר פּאָסטנע גרויפּן און קאַרטאָפל. אָבער עס פלעגט טרעפן זעלטן אויך אַ יום־טוב, ווען זי פלעגט קריגן ביינער פאַרן קעסל. דאַן האָבן שוין די ישיבה־בחורים ניט געגעסן די זופּ. פּרײַטיק, למשל, פלעגט ער קאָכן פאַר די ישיבה־בחורים אויך אויף שבת און ער פלעגט אַליין אַוועקטראָגן אין געטאָ אַ גאַנצן עמער זופּ אַ צײַט פריִער פאַר דער שקיעה. ווער האָט זיך דאַן צו אים געקענט גלײַכן...

ער האָט זיכער פאַרדינט בײַם רבונו־של־עולם, מער ווי איך, צו בלײַבן לעבן...

14

## ווו נעמט מען געווער ?

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען צו גיין צו דער אַרבעט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דורך נאַכט איז דער דאָק־טאָר מיאַסניק מיט זײַן פאַמיליע נעלם געוואָרן פון געטאָ. אָט דער דאָקטאָר, אַ כירורג, איז געווען ביז גאָר באַרימט ניט נאָר אין לידע, נאָר אין גאַנצן געגנט אַרום. אַפילו די דײַטשן האָבן אים געהאַלטן פאַר דעם בעסטן דאָקטאָר אין לידער מיליטערישן שפּיטאָל, ווו ער האָט גע־אַרבעט, און עס האָט אויסגעזען אַז ער איז דאָך אַוודאי זיכער מיט זײַן לעבן. ד״ר מיאַסניקס פאַרשווינדן פון געטאָ האָט געמאַכט אַ ניט־געוויינ־לעכן רושם. די דאָזיקע נײַעס איז געוואָרן די טעמע פון טאָג. דאָס איז דער זעלבער ד״ר מיאַסניק וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט פריִער.

מענטשן האָבן אין געטאָ געמאַכט דעם אויספיר, אַז עס איז שוין געוויס די ריכטיקע צײַט אַוועקצוגיין אין וואַלד.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג אײַנצו־שאַפן געווער. אין געטאָ האָבן זיך שוין געפונען ייִדן, וועלכע זענען געוואָרן פאַרמיטלערס, פאַרדינענדיק דערבײַ, פאַרשטייט זיך, אַ שיינע מטבע. אויך פאַר די פּאָליאַקן האָט זיך געעפנט אַ קוואַל פון פרנסה. זיי פלעגן שוין האָבן די מקורות פון וואַנען זיי האָבן געקראָגן דאָס געווער און די פאַרמיטלערס פון געטאָ האָבן באַזאָרגט יעדן איינעם, וואָס איז געווען בכּוח צו באַצאָלן די לעגענדאַרע סומע. אַזוי, למשל, האָט אַ ביקס, וואָס האָט אויף דער געטאָ־שפּראַך געהייסן „לאַנגער", געקאָסט צווישן 30—35 טויזנט רובל. אַ רעוואָלווער („קורצער") האָט געקאָסט 15—20

טויזנט רובל. ווי געזאָגט, לעגענדאַרע פּרייַזן, וואָס זייער אַ קליינע צאָל ייִדן האָט עס געקאָנט נאָכקומען.

עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע וועגן, ווי אַזוי צו באַזאָרגן זיך מיט אַ ביקס אָדער רעוואָלווער. איך ווייס פון אַ פּאָר מעכאַניקערס, וואָס האָבן אין געהיים צונויפגעשטעלט אַ ביקס פון טיילן, וואָס זיי האָבן פון ערגעץ צונויפגעשלעפּט און האָבן עס מאָנטירט אין די וואַרשטאַטן פון געטאָ. אַפילו אין דער זשאַנדאַרמעריע גופא האָט איינער אַ לידער מע־כאַניקער, אָרזשעכאָווסקי, וואָס האָט געאַרבעט בײַם פאַרריכטן דאָס געווער אין די דאָרטיקע וואַרשטאַטן, פאַר זיך אַליין צונויפגעשטעלט אַ ביקס פון טיילן, וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט. מיט אָט דער ביקס איז ער דערנאָך אַוועק אין וואַלד צוזאַמען מיט זײַן ברודער און מאַמען.

אַ גאַנץ באַזונדערע פּראָבלעם איז געווען דאָס אַרײַנטראָגן געווער אין געטאָ און נאָך שווערער איז געווען צו געפינען אַן אָרט ווו עס צו באַהאַלטן ביזן אַוועקגיין אין וואַלד. האַלטן אַ „לאַנגן" אָדער אַ „קורצן" פּאַרמאַלינעוועט האָט באַטײַט: אײַנשטעלן די לעבנס פון די אַלע וואָס האָבן געוווינט אין דעם שטיבל. קאָן מען זיך פאָרשטעלן מיט וואָס פּאַר אַן אחריות עס איז געווען פאַרבונדן דאָס האָבן באַהאַלטן אַ שטיקל געווער.

ניט לײַכט איז אָנגעקומען צו געפינען אַ גוטע באַהעלטעניש. ס'זענען געווען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אײַנשאַפן זיך געווער, כּדי אַוועקצוגיין אין וואַלד, האָבן זיי גע־לויערט צו „דערטאַפּן" אַ באַהאַלטענעם „לאַנגן" אָדער „קורצן". און ווען זיי האָבן אַנטדעקט געווער האָבן זיי עס, גאַנץ פשוט, צוגעלקחנט און זענען דערמיט נעלם געוואָרן. ווען דער בעל־דבר האָט זיך געכאַפּט אַז מען האָט אים „צו רעכט געמאַכט", האָט ער נאָך געמוזט מאַכן אַ שווײַג... אַזאַ פאַל האָט געטראָפן טאַקע אויפן זעלבן הויף פון הענעך דעם געלנס שטיבל. אין קעלער אויפן הויף איז געווען באַהאַלטן אַ „לאַנגער", האָט עס עמעצער צוגענומען און באַלד נעלם געוואָרן פון געטאָ.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם אַלעם איז שטילערהייט אָנגעגאַנגען

אין געטאָ אַ באַוועגונג זיך איינצושאַפן געווער. די פּרייזן אויף די „לאַנגע" און „קורצע" פלעגן זיך קאַלקולירן לויטן נאָכפרעג. איז אַ טאָג געווען אַ גרעסערער נאָכפרעג, איז דער פּרייז גלייך געשטיגן, טאָמער איז געווען אַ קלענערער נאָכפרעג, איז דער פּרייז געפאַלן.

ביסלעכווייז, אין געהיים, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן מענטשן פון געטאָ. דער ווינטער 1942 האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי מיט גאָר גרויסע פרעסט. און דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די וויכטיקע סיבות, וואָס מענטשן האָבן אָפּגעלייגט דאָס אַוועקגיין אין וואַלד אויף שפּעטער, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן שוין געהאַט געווער. קיינער האָט דאַן ניט געהאַט קיין אַנונג, ווי אַזוי מען קאָן ווינטער לעבן אין וואַלד. פון די יחידים, וואָס זענען שוין געווען אַוועק אין וואַלד, זענען נאָך קיין גרוסן ניט געקומען. אין געטאָ גופא איז אין יענער צייט געווען כּלומרשט רויק. די אָפּטימיסטן האָבן נאָך מער צוגעהאָלפן מיט זייער איינרעדן זיך אַליין און אַנדערע, אַז די געטאָ איז „געזיכערט" מער ווי ווען עס איז פריער, ווייל „די דייטשן נייטיקן זיך אין יידישע אַרבעטערס און די יידישע פאַב־ליקן ברענגען אַזוי פיל נוצן פאַר דער אַרמיי אויף די שלאַכטפעלדער".

הענעך דער גלעזער, ביי וועמען איך האָב געוווינט, האָט געהערט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע אָפּטימיסטן. ער האָט געאַרבעט אַלס טאָקער אין די וואַרשטאַטן פון געטאָ און געהאַט אַזוי אַרום אַ „גוטן" שיין.

— נאָט, זעט — פלעגט ער זאָגן מיט שׂימחה — היינט זענען ווידער אָנגעקומען וואַגאָנען מיט אַרבעט סיי פאַר די שוסטערס, שניידערס און סיי פאַר אַנדערע צעכן, וואָס הלוואי מאַכט מען עס פאַרטיק אין אַ יאָר, נו, איז עס ניט קיין באַווייז, אַז די געטאָ איז זיכער?

אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער אַריינפאַלן מיט אַ שׂימחה און דערציילן מיט פאַטאָס, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר האָט באַזוכט די וואַרשטאַטן און פאַרזיכערט, „אַז מען זאָל גאָרניט מורא האָבן, מען זאָל נאָר אַרבעטן פלייסיק, וועט אַלץ זיין גוט. מער וועט זיך שוין ניט איבערחזרן אין לידער געטאָ דאָס וואָס ס'איז געשען פריער".

אַז איך דערמאָן זיך איצט וועגן דער דיסקוסיע פון „יאָ צי ניט

אַוועקגיין אין וואַלד״, וואָס האָט מיר דעמאָלט ממש געגרילצט אין די אויערן, לעב איך איצט איבער מיט ווייטיק די פאַרבלענדעניש, ווײַל אין ווילנע און ביאַליסטאָק, צי אין אַנדערע געטאָס, זענען ניט געווען אַזעלכע מעגלעכקייטן אַוועקצוגיין אין וואַלד. און וואָס שייך הענעך דעם געלן — איז שוין אָפּגערעדט. ער מיט זײַן פאַמיליע האָבן געהאַט די סאַמע בעסטע מעגלעכקייטן עס צו טאָן. עס האָט אים ניט געפעלט קיין געלט אויף אײַנצושאַפן זיך געווער און אויך פאַרבינדונגען. אין זײַן שטיבל זענען אַרײַנגעקומען אַלע די וואָס האָבן שפּעטער אַרויסגעפירט מענטשן פון געטאָ אין וואַלד.

הונדערטער אַזעלכע הענעכס האָבן צוליב זייער אָפּטימיזם דורכ־געלאָזן אָט די געלעגנהייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ניט לאַנג. זעלטענע מעגלעכקייטן זענען געווען אַרויסצוגיין פון לידער געטאָ אין וואַלד אַרײַן און מען האָט עס ניט אויסגענוצט אין דער געהעריקער צײַט און אין דער פולער מאָס. זייער און זייער שווער וועגן דעם צו ריידן איצט.

זינט פרילינג 1943 האָט זיך די שטימונג אין גאַנצן געביטן לטובת די פּעסימיסטן און אַ היפּשע צאָל יידן איז פאַרשוווּנדן פון געטאָ. האָבן זיך גראָד זומער אונטערגערוקט אַנדערע סיבות, צוליב וועלכע ס׳איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף אַ געוויסער צײַט דער שטראָם אין וואַלד. די אומגעריכטע ליקווידאַציע פון געטאָ האָט צוגערויבט די לעבנס פון נאָך פיל הונדערטער יידן, וועלכע זענען שוין געווען גרייט מיט געווער אין האַנט אַוועקצוגיין אין וואַלד.

בײַ הענעך דעם געלן אין שטיבל איז יעדן אָוונט געווען אַ געזעמל פון מענטשן. צווישן די גאָר אָפּטע באַזוכערס זענען געווען צוויי ברידער: איגנאַץ און אברהם פעלדמאַן, פּליטים, וועלכע זענען געבליבן שטעקן אין לידע נאָך אַ געלונגענעם אַנטלויפן פון זייער היימשטאָט לאָדזש. געציילטע מענטשן אין געטאָ האָבן געוווּסט, אַז דער עלטערער, איגנאַץ, איז שוין אַ פּאָר חדשים אין וואַלד מיט די פּאַרטיזאַנער. פאַרשטייט זיך, אַז הענעכס משפּחה האָט וועגן דעם געוווּסט. דער ייִנגערער, אברהם,

האָט יעדן טאָג געוואַרט אויף איגנאַצס קומען, ער זאָל אים אַרויספירן פון געטאָ. געוואַרט האָט אויך איגנאַצס געליבט מיידל, מאַשקע שעוואַ־כאָוויטש, אַ טאָכטער פון אַ באַקאַנטער לידער משפחה, וועלכע איז שפּע־טער געקומען אין בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה. וועגן דער דאָזיקער משפחה און וועגן די ברידער איגנאַץ און אברהם פעלדמאַן וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן.

15

# דער ערשטער גרוס פון וואַלד



דאָס איז געווען אָנהייב פעברואַר 1943. יענע נאַכט איז געווען אַ ברענענדיקער פראָסט. אין מיטן נאַכט האָבן מיר דערהערט אַ לײַכט קלאַפּן אין פענצטער. אַלע האָבן זיך אויפגעריסן פון שלאָף און זענען צוגעלאָפן צו די פענצטער. מיר האָבן געטראַכט בעת־מעשׂה, אַז מסתּמא איז שוין ווידער עפּעס אַ צרה. די שויבן זענען געווען באַצויגן מיט אײַז און מען האָט גאָרניט געקאָנט זען. „עפענען די טיר, שנעלער!״ — האָבן מיר דערהערט אויסרופן אין ייִדיש.

איך בין געגאַנגען עפענען.

— איגנאַץ איז דאָ! — כ׳האָב אים אַרײַנגעלאָזן און תּיכּף פאַרריגלט די טיר.

ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין שטיבל און מיר האָבן אַ קוק געטאָן אויף זײַן אָנטועכץ און רעוואָלווער, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען בײַ דער זײַט, האָבן מיר זיך אַלע דערשראָקן. איגנאַץ האָט פאַרשטאַנען אונדזער איבערראַשונג, האָט ער גלײַך געזאָגט, אַז מען האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן, ווײַל ער איז אַרײַנגעקומען דורך די הינטערשטע דראָט־פאַרצוימונגען און אַז קיינער האָט אים ניט געזען און אַז קיינער דאַרף אויך ווײַטער ניט וויסן, אַז ער איז דאָ. די דאָזיקע ווערטער האָבן אַלעמען באַרויִקט. קיינער האָט זיך שוין מער ניט געלייגט שלאָפן. אַזוי ווי מען איז געשטאַנען אין די אונטערוועש, האָט מען זיך באַלד אויסגעזעצט אין די בעטן און איגנאַץ האָט אָנגעהויבן דערציילן פון דעם פאַרטיזאַנער־לעבן אין וואַלד.

מיר האָבן אַלע, פֿאַרגאַפֿטע, זיך צוגעהערט צו איגנאַצס רייד. אַלץ איז געווען פֿאַר אונדז אַ חידוש, אַלץ אַזוי אַנדערש ווי מען האָט זיך פֿריִער געהאַט פֿאָרגעשטעלט, ווי אַזוי מען קאָן לעבן ווינטער אין וואַלד.

איך דערמאָן זיך, אַז אין מײַנע אויגן האָט דאַן איגנאַץ אויסגעזען אַ העלד. אַך, ווי איך האָב אים אין יענעם מאָמענט מקנא געווען... מיר זענען אַלע געווען אַזוי פֿאַרכאַפּט פֿון זײַן דערציילן, אַז מיר האָבן זיך ניט אַרומגעזען ווי עס האָט גענומען טאָגן און אַלע האָבן אָנגעהויבן זיך אײַלן צו דער אַרבעט. איגנאַץ איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוידעם, מיט־גענומען מיט זיך אַ וואַרעמע קאָלדרע און זיך געלייגט שלאָפֿן. גייענדיק צו דער אַרבעט האָבן הענעקס טעכטער געגעבן צו וויסן אברהמען און מאַשקען.

אויף מאָרגן בײַ נאַכט זענען שוין אַלע דרײַ געווען גרייט אַוועק־צוגיין, מאַשקע מיט אברהמען האָבן, נאַטירלעך, שוין געהאַט „קורצע" (רעוואָלווערן). מיר האָבן זיך מיט זיי געזעגנט און פּונקט ווי קיינער האָט ניט געזען און ניט געהערט פֿון איגנאַצס קומען, אַזוי האָט מען ניט געזען ווי זיי זענען פֿאַרשוווּנדן אַלע דרײַ.

אַזוי האָבן מיר, אין הענעקס שטיבל, געמיינט. אויף מאָרגן אָבער, נאָך זייער אַוועקגיין, האָט שוין כּמעט די גאַנצע געטאָ געוווּסט פֿון אַלץ, און ס'איז געוואָרן אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד.

איגנאַץ איז צוגעשטאַנען צו אַ רוסישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע פֿון אָטריאַד „איסקראַ" און אַהין האָט ער אַוועקגעפֿירט אברהמען מיט מאַשקען.

מאַשקען איז אָבער לאַנג ניט באַשערט געווען צו טראָגן איר רע־וואָלווער און נעמען נקמה פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט. איר גורל איז געווען צו פֿאַלן פֿון אַ קויל פֿון אַ רוסישן פּאַרטיזאַנער פֿון זעלבן „איסקראַ"־אָטריאַד. לויט די סברות, וואָס זענען דערציילט געוואָרן, איז דער רוסישער פּאַרטיזאַן געווען צו מאַשקען ניט גלײַכגילטיק, אָבער זי האָט אים איגנאָרירט. מאַשקע איז איין מאָל געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ גרופּע אויף אַן אויפֿגאַבע, פֿון וועלכער זי האָט זיך ניט צוריק־

געקערט. אַ פאַררעטערישע קויל האָט דורכגעלעכערט איר האַרץ. און אַזוי איז באַשערט געווען, אַז איגנאַץ זאָל דווקא אין וואַלד פאַרלירן זײַן געליבט מיידל.

מאַשקע איז ניט געווען דאָס איינציק ייִדיש מיידל וואָס האָט גע־קראָגן דעם טויט פון אַן אַנטיסעמיטישן פאַרטיזאַן. איך געדענק אַ סך אַזעלכע פאַלן, ווען די ייִדישע פאַרטיזאַנער האָבן געמוזט קעמפן סײַ קעגן די נאַציס און סײַ קעגן רוסישע פאַרטיזאַנער־כוליגאַנעס, מיט וועלכע מען איז געגאַנגען פּלייצע בײַ פּלייצע קעגן געמיינזאַמען שׂונא.

אַזוי נאָר ווי איגנאַץ מיט זיין ברודער אַברהם זענען אַוועק האָט מיך אַרומגענומען אַן אומרו. דער ערשטער גרוס פון וואַלד האָט אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז איך בין נעכט ניט געשלאָפן און געחלומט נאָר פון וואַלד. דער געדאַנק וועגן וואַלד האָט מיך דאַן אין גאַנצן באַ־הערשט און איך האָב שוין קיין אָרט ניט געפונען בײַ מײַן אַרבעט אין קיך... מײַן אומרו האָבן באַמערקט די אַרבעטערס און האָבן מיר גע־שטעלט קשיות, צי כ׳האָב אפשר געהערט שלעכטע נײַעס אין געטאָ... נאָך אַלע טראַכטענישן האָב איך אָבער ניט געזען פאַר זיך קיין שום מעגלעכקייט זיך אָנצושליסן אין די פאַרטיזאַנער. קיין געלט זיך אײַנצו־שאַפן אַ שטיקל געווער האָב איך ניט געהאַט, און אָן אייגן געווער, האָב איך שוין געוווסט פון איגנאַצס גרוס, נעמען די פאַרטיזאַנער ניט צו. אַזוי אַרום האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט פּוסטע חלומות.

צו יענער צײַט האָט מען נאָך אין לידער געטאָ כמעט ווי גאָרניט געהערט פון די ברידער בעלסקי און זייער גרופּע. אפשר האָבן אַנדערע יאָ עפּעס געוווסט, האָבן זיי עס געהאַלטן בסוד און מורא געהאַט פון דעם צו ריידן. עטוואָס שפּעטער האָט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל וועגן אַ ייִדישן קאָמאַנדיר און זיינע ייִדישע פאַרטיזאַנער. דאָס זענען אָבער געווען נעפּלדיקע רייד, געמישט מיט פאַנטאַזיע.

די אַלע געהיימנישפולע רייד אין די שטיבלעך האָבן, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, טאַקע געהאַט אַ גרונט. גענומען האָט זיך עס פון דעם, וואָס טוביה בעלסקי האָט געהאַט געשיקט אין לידע און

אין נאָוואָגרודעק שליחים אַרויסצונעמען ייִדן פון געטאָ און ברענגען זיי אין וואַלד. אַלץ האָט באַדאַרפט זײַן אין דער גרעסטער געהיימע־ניש. אָבער ווי לאַנג האָט מען אין געטאָ געקאָנט האַלטן אַ סוד, בעת אין די שטיבלעך האָט מען דערקענט אַפילו פון אַ ווונק, אַז עס טוט זיך עפּעס. עס האָט לאַנג ניט גענומען און ס׳איז געוואָרן אויס סוד.

אַזוי נאָר ווי אין לידער געטאָ איז באַוווּסט געוואָרן, אַז עס איז דאָ אַ ייִדישער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד מיט אַ ייִדישן קאָמאַנדיר, האָט די גרעסטע טייל פון די וועלכע זענען אַוועק אין וואַלד אָנגעהויבן ציִען צו די ברידער בעלסקי. עס האָט ווידער ניט לאַנג גענומען און מענטשן זענען געקומען פון בעלסקיס אָטריאַד אַרויסצונעמען די איבעריקע מיט־גלידער פון זייערע משפחות און האָבן שוין גלײַכצײַטיק מיטגענומען באַקאַנטע אָדער שכנים. האָבן שוין פון דאַן אָן סײַ קלענערע און סײַ גרעסערע גרופּעס אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די געטאָ. נאַטירלעך, אַלץ איז צוגעגאַנגען כּלומרשט אין געהיים, אָבער די גאַנצע געטאָ האָט פון דעם געוווּסט.

עס האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן מענטשן און אין די שטיבלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע ריידערײַ און אַ קאָכעניש. מען האָט געהאָט אַ באַרעכטיקט פאָרגעפיל, אַז דאָס וואָס עס פאַרשווינדן מענטשן פון געטאָ וועט לאַנג ניט קאָנען בלײַבן קיין סוד פאַר דער דײַטשער מאַכט, ווײַל די אַלע פאַרשוווּנדענע האָבן דאָך געאַרבעט אין דײַטשע איינהייטן און די דײַטשן פון יענע איינהייטן וועלן דאָך זיכער מעלדן ווו מען דאַרף, אַז זייערע ייִדישע אַרבעטערס זענען ניט געקומען צו דער אַרבעט. דאָס איז פאַר אַלעמען אין געטאָ געווען קלאָר און מען האָט זיך טאַקע זייער געשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן.

איך געדענק, אַז דאַן זענען פאָרגעקומען שטאַרקע קריגערײַען מיט קעגנזײַטיקע דראָונגען צווישן די פּעסימיסטן — די וועלכע האָבן זיך געקליבן אַוועקצוגיין אין וואַלד — און די אַזוי גערופענע אָפּטימיסטן. די אָפּטימיסטן האָבן געשריִען, פאָכנדיק מיט די הענט:

— געדענקט! איר וועט אַרויפברענגען אַן אומגליק אויף דער געטאָ

מיט אײַער אַװעקגײן אין װאַלד, מיר בלײַבן דאָ איבער. נו, װאָס קאָן עס אײַך אַרן, װאָס מיט אונדז װעט געשען?

דער צװייטער צד האָט געהאַט פאַר זײ אײן ענטפער:

— װער לאָזט אײַך ניט גײן אין װאַלד, טוט אַזױ װי מיר גײען טאָן, מיר װילן ניט, אַז די מערדערס זאָלן אונדז אַ צװײט מאָל טרײַבן װי די בהמות צו דער שחיטה.

דאָס זענען אויטענטישע אויסטויש־װערטער, װאָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן יעדן אָװנט אין הענעך דעם געלנס שטיבל. פיל פון די אָפּטימיסטן האָבן געװיס פאַרשטאַנען, אַז זײ זענען ניט גערעכט מיט זײער טענה, זײ האָבן אַזױ געטענהט פשוט דערפאַר, װײַל זײ האָבן זיך ניט געקענט רירן פון געטאָ. טײל צוליב דעם װאָס מען האָט זיך ניט געװאָלט שײדן מיט משפחה, און אַלע צוזאַמען האָט מען ניט געקענט גײן, אָדער צוליב פיל אַנדערע סיבות.

16

# הינטער אַ דרײַפּאַכיקן פּאַרקאַן פון שטעכלדראָט

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג געשיקט רופן דעם פּאָרזיצער פון יודענראַט און בײַ אים געפאָדערט ער זאָל געבן אַ קורצן און פּינקטלעכן ענטפער אויף דער פראַגע : פאַר וואָס פאַרשווינדן ייִדן פון געטאָ און וווהין ?

דער יודענראַט האָט פּונקט דאַן געהאַט אויף דער האַנט אַ צוגע־פּאַסטן תּירוץ, נעמלעך : געענטפערט, אַז „די אַלע פאַרשווונדענע זענען, ווײַזט אויס, ווילנער, און אַזוי ווי זיי דענקען, אַז אין ווילנער געטאָ וועט זיי זײַן בעסער, זענען זיי מן־הסתּם אַוועק אַהין".

צי דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געגלייבט דעם דאָזיקן תּירוץ איז שווער צו זאָגן. מער וואַרשיינלעך איז, אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעשטויסן, ווו די ייִדן פאַרשווינדן און באַלד זענען אין רעזולטאַט דערפון געקומען די קאָנסעקווענצן פאַר דער געטאָ.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אַ באַפעל פון דער זשאַנדאַר־מעריע, אַז דער יודענראַט זאָל אין משך פון 24 שעה מעלדן די נעמען פון די פאַרשווונדענע פון געטאָ.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ מהומה דער באַפעל האָט אַרויסגערופן און וואָס פאַר אַ פּחד ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף דער געטאָ. דער באַפעל האָט תּיכּף געווירקט אַזוי, אַז נאָך מער מענטשן האָבן אָנ־געהויבן אַנטלויפן אין וואַלד, און דער יודענראַט האָט, נאַטירלעך, גע־מוזט מעלדן וועגן די פאַרשווונדענע. מען האָט עס אַפילו ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן מער ווי 24 שעה, ווײַל אויך די איינהייטן איז אָנגעזאָגט

געוואָרן, אַז זיי מוזן גלײַך מעלדן, אויב זייערע ייִדן זענען ניט געקומען צו דער אַרבעט.

ווען האַנוועג האָט דערזען, אַז די צאָל פאַרשווונדענע ווערט נאָך גרעסער, האָט ער אָנגענומען ווײַטערדיקע מיטלען, ווי אַזוי אָפּצושטעלן דאָס אַנטלויפן פון געטאָ. ער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם יודענראַט, אַז מען זאָל די געטאָ אַרומצאַמען מיט אַ דרײַפאַכיקן הויכן פאַרקאַן פון שטעכלדראָט. אין באַפעל איז געזאָגט געוואָרן, אַז די אַרבעט מוז געמאַכט ווערן שנעל. באַלד איז צוגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ די שטעכלדראָט מיט די הילצערנע סלופּעס און דער יודענראַט האָט אויס־געטיילט אַ ספּעציעלע בריגאַדע ייִדן, צו אַרבעטן בײַ די פאַרצאַמונגען, און אין די זונטיקן זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן נאָך מער מענטשן, פרײַע פון זייערע אַרבעטן. די וואָס האָבן געאַרבעט בײַ די פאַרצאַמונגען האָבן געהאַט דאָס געפיל ווי זיי וואָלטן פאַר זיך אַליין געגראָבן אַ גרוב. די ערד איז געווען אײַנגעפרוירן און יעדע גרוב, וואָס מען האָט געדאַרפט אויסגראָבן אויף אַרײַנצושטעלן אַ סלופּ, איז אָנגעקומען זייער שווער. אָבער ניט געקוקט אויף דעם אַלעם זענען מיט יעדן טאָג די צאָל אָוועק־געשטעלטע סלופּעס געוואָרן מער און מער און דער דרײַפאַכיקער פאַר־קאַן האָט אַרומגענומען אַלץ ענגער די געטאָ.

דאָס איז אָבער נאָך ניט געווען אַלץ צו וואָס האַנוועג האָט זיך דערטראַכט.

ביז דאַן איז סײַ אין געטאָ און סײַ בײַם טויער קיין ווײַסרוסישע פּאָליציי ניט געשטאַנען, בלויז געטאָ־פּאָליציי. די ווײַסרוסישע פּאָליציי האָט זיך באַוויזן נאָר דאַן, ווען די אַרבעטערס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, כּדי צו כאַפּן עמעצן בײַם אַרײַנטראָגן אין געטאָ עפּעס פון עסנוואַרג. אָבער ווי נאָר דער דרײַפאַכיקער פאַרקאַן איז געוואָרן פאַרענדיקט האָט דער געביטס־קאָמיסאַר אַרײַנגעשיקט אין געטאָ אַ וואַך, וואָס איז באַשטאַנען פון די מיטגלידערס פון דער יוגנטלעכער פאַ־שיסטישער ווײַסרוסישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך אָנ־געשלאָסן די סאַמע פאַרדאָרבנסטע יונגע שקצים פון דער פּוילישער

און ווײַסרוסישער באַפעלקערונג. זיי האָבן געטראָגן מונדירן פון ווײַסן פויערישן לײַוונט און היטלען אין דער פאָרעם פון אַ גענדזענעם שנאָבל. דערפאַר האָט מען זיי אין געטאָ אַ נאָמען געגעבן — „ווײַסע גענדז"...

אָט די כוליגאַנעס און דם־שונאים פון ייִדן זענען געוואָרן די באַלע־באַטים פון געטאָ. זיי האָבן טאָג און נאַכט געהאַלטן וואַך בײַם טויער און אַרומגעגאַנגען איבערן געטאָ באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און ביקסן. דערמיט איז צוגעקומען אַ נײַע צרה צו די צרות און שרעק, וואָס מען איז אויסגעשטאַנען טאָג־טעגלעך.

ערשטנס האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן שוין ניט קאָנען אַרײַנטראָגן אין געטאָ קיין עסנוואַרג און ניט אַרויסטראָגן פון געטאָ אַ בגד צו פאַרקויפן. און וועגן געווער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ווײַטער האָט מען זיך געשראָקן אויך דערפאַר, אַז מען וועט שוין אויף להבא ניט קאָנען אַרויסגיין בײַ נאַכט דורך די דראָטן אין וואַלד אַרײַן. דרײַ־צאַמען איז פאָרט ניט אײנער.

פון דאַן אָן האָבן מיר שוין אין געטאָ ניט געהאַט קיין רויִקע מינוט. די „ווײַסע" כוליגאַנעס האָבן מיט אַלע מיטלען זיך געפלײַסט אָנצוּוואַרפן אַ שרעק אויף די ייִדן. אָן קיין שום סיבה האָבן זיי גאַנצע נעכט געהאַלטן אין איין שיסן.

עס זענען געווען ניט ווייניק פאַלן, ווען עמעצער איז אַרויס פון זײַן שטוב אויף באַדערפעניש און כאָטש עס איז נאָך געווען פאַר צען אַ זייגער, דאָס הייסט, ביז ווען עס איז געווען דערלויבט זיך צו באַ־וועגן איבערן געטאָ, איז יענער דערשאָסן געוואָרן אויפן שוועל פון שטוב. דאָס האָט געהייסן בײַ זיי, אַז ער איז אַרויס נאָך דער דערלויב־טער צײַט. דערפאַר האָט מען מורא געהאַט אַרויסצושטעלן אַ פוס פון שטוב ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט.

מען האָט זיך אָבער צוגעוווינט אויך צו דער נײַער לאַגע. און מיט די „ווײַסע גענדז" האָט מען זיך אויך אַן עצה געגעבן, און דאָס אַרויס־גיין פון געטאָ אין וואַלד איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די לידער געטאָ־פּאָליציי איז ניט געווען בײַ די לידער ייִדן אַזוי

פאַרהאַסט, ווי למשל, די ווילנער געטאָ־פּאָליציי בײַ די ווילנער ייִדן. איך האָב אָבער סײַ ווי ניט קיין גוטן וואָרט פאַר דעם בעסטן געטאָ־פּאָליציאַנט. שוין צוליב דעם אַליין וואָס די דײַטשן האָבן קיינעם ניט געצווּונגען צו ווערן אַ פּאָליציאַנט. דער בעסטער פּאָליציאַנט פון געטאָ האָט אַלץ איינס געדינט די נאַציס און האָט אויסגעפירט זייערע באַפעלן קעגן זײַנע אייגענע ברידער און שוועסטער. איך בין בכלל ניט אויסן אַוועקצושטעלן די לידער געטאָ־פּאָליציי אין אַ שענערער ליכט. פּשוט, כ׳וויל פאַרצייכענען דעם פאַקט, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען דאָס אַרויס־גיין פון געטאָ אין וואַלד בײַ דער נײַ־געשאַפענער לאַגע.

דער לעצטער קאָמענדאַנט פון דער לידער געטאָ־פּאָליציי האָט גע־הייסן לייזער סטאָליצקי (זײַנער אַ ברודער איז געווען לערער אין דער ווילנער ייִדישער רעאַל־גימנאַזיע, איבערזעצט אויף ייִדיש קרילאָווס משלים, דערשינען, דאַכט מיר, אין שלמה באַסטאָמסקיס פאַרלאַג). לייזער סטאָליצקי, דער קאָמענדאַנט, איז געווען אַן אינטעליגענטער און באַשיידענער מענטש און כ׳האָב פיל מאָל זיך געוווּנדערט אויף אים, ווי אַזוי האָט אַזאַ מענטש געקאָנט בײַ זיך פועלן אָנצונעמען אַן אַמט אין דער געטאָ־פּאָליציי. ער איז אויך געווען פון די אַרײַנגייער בײַ הענעך דעם געלן פון צײַט צו צײַט.

אָט דער לייזער סטאָליצקי האָט באַלד געפונען אַ מיטל ווי אַזוי די מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אַוועקגיין אין וואַלד, זאָלן קאָנען אַרויס־גיין פון געטאָ. ס׳איז אַזוי געווען:

ווען אַ גרופּע האָט זיך געקליבן בײַ נאַכט אַרויסצוגיין פון געטאָ האָט דער גרופּע־פירער וועגן דעם באַצײַטנס געמאָלדן לייזער סטאָ־ליצקין, און ער האָט שוין געטאָן וואָס מען דאַרף. פלאַשן מיט בראָנפן זענען געשטאַנען גרייט אין ביוראָ פון יודענראַט. פלעגט ער פאַרבעטן די „ווײַסע גענדז״ אינעווייניק אויף אַ שנאַפּס. נו, אָפּזאָגן זיך פון אַ טרונק בראָנפן האָבן די דאָזיקע כוליגאַנעס בײַ זיך ניט געקאָנט פועלן... פאַרשטייט זיך, אַז לייזער סטאָליצקי האָט זיי שוין קיין איבעריק גלעזל ניט געזשאַלעוועט. אין דער זעלבער צײַט ווען זיי זענען געווען אין

ביורא און געזשליאָקעט דעם בראַנפּן, האָט אַ געטאָ־פּאָליציאַנט איבער־געגעבן דעם סיגנאַל דער וואַרטנדיקער גרופּע און אין איין אויגנבליק איז די חברה אַרויס דורך די הינטערשטע דראָט־פּאַרצאַמונגען, וואָס מען האָט באַצײַטנס „צו רעכט געמאַכט", ווי עס באַדאַרף צו זיין, אַז מען זאָל קאָנען אַרויסקריכן און עס זאָל ניט בלײַבן קיין סימן (לייזער סטאָליצקי האָט אויך געהאַט בדעה שפּעטער צו קומען אין וואַלד, אָבער ער האָט צו לאַנג געוואַרט און דערווײַל האָט זיך אונטערגערוקט די ליקווידאַציע פון געטאָ און ער איז אַוועק צום טויט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע).

*

בײַ אַ האַלבן קילאָמעטער פון געטאָ האָט זיך געפונען אַ פּערמע וואָס האָט געהייסן פּיאַרווו (פּיאַר). דאָס דאָזיקע גוט האָבן די סאָוועטן געהאַט נאַציאָנאַליזירט און ווען די נאַציס זענען געקומען האָט האַנוועג באַטראַכט די פּערמע פאַר זײַן אייגנטום. אין געטאָ האָט מען עס גערופן — „דעם געביטס־קאָמיסאַרס מאַיאָנטעק". דאָרט האָבן אויך געאַרבעט ייִדן פון געטאָ בײַ פאַרשידענע אַרבעטן. אָט אויף דעם מאַיאָנטעק האָבן די פּאַרטיזאַנער געוואָרפן אַן אויג און אין אַ געוויסער נאַכט אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. זיי האָבן אויסגעקליבן די סאַמע בעסטע פערד און וואָגנס, אָנגעפילט זיי מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און האָבן זיך אָפּגע־טראָגן.

ווען די ייִדן פון געטאָ זענען פאַר טאָג געקומען צו דער אַרבעט האָבן זיי געטראָפן דעם עקאָנאָם וואַרפנדיק זיך ווי אין קדחת פונעם דורכגעלעבטן שרעק.

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס האָט געשמעקט האַנוועגן מיט זײַן קליקע אָט די דאָזיקע געוואָגטע שטיקל אַרבעט פון די פּאַרטיזאַנער אויף „זײַן" מאַיאָנטעק, אונטער זײַן נאָז.

נו, האָט מען זיך אין געטאָ שוין געריבן די הענט!

דאָן האָט האַנוועג אַרײַנגעשיקט אַהין אַ וואַך פון באַוואָפנטע ווײַס־רוסישע פּאָליציי־לײַט.

17

# שטאָלץ און אָן מורא

דאָס איז געווען אָנהייב מערץ 1943. בײַ טאָג האָט די זון געשמאָלצן דעם שניי, די לופט האָט שוין געשמעקט מיט פרילינג, אָבער אויף דער נשמה און אין האַרצן איז געווען האַרבסטיק. אַן אומעט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף מײַן פּנים. איך האָב געלעבט מיטן איינציקן געדאַנק — ווי אַזוי גיט מען זיך אַן עצה אַרויסצוקריגן פון געטאָ און זיך פאַר־איייניקן מיט פּאַרטיזאַנער אין וואַלד?

פּלוצעם, גאָר אומגעריכט, איז פאַר מיר געקומען די ישועה.

עס איז געווען אַזוי:

צו יענער צײַט האָבן אין געטאָ שוין גאָר אָפט אָנגעהויבן זיך באַ־ווײַזן מענטשן פון וואַלד, וועלכע זענען געקומען אַרויסנעמען משפּחה־מיטגלידער. מיט יעדן טאָג איז געוואָקסן דער קאָנטאַקט צווישן וואַלד און דער געטאָ. אין יענע טעג האָבן אויך אָפטער אָנגעהויבן קומען שליחים פון דעם יידישן קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי, אַרויסצונעמען יידן אָן אונטערשייד פון עלטער, מיט אָדער אָן געווער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַלץ געווען איינגעהילט אין אַ געהיימעניש... אַזוי ווי אין געטאָ האָבן טאָג און נאַכט זיך געפונען די ווײַסרוסישע כוליגאַנעס, האָט מען געדאַרפט געפינען אַ וועג, אַז די שליחים פון וואַלד זאָלן ווײַטער אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער געטאָ, אומבאַמערקט פון די היטערס.

אויף אַ געוויסן פלאַץ אין לידע איז געווען אַ גרויסער גאָרטן מיט ספּעקטעס פון אַלערליי גרינס. דעם דאָזיקן גאָרטן האָט האַנוועג צוגע־נומען פאַר זײַן געברויך. דאָרט זענען געווען באַשעפטיקט אייניקע מענער און פרויען פון געטאָ, וועלכע האָבן קולטיווירט פאַרשידענע

גרינסן, וואָס פלעגן יעדן טאָג געליפערט ווערן צום געביטס־קאָמיסאַר און זיין סוויטע. דער אויפזעער איבערן גאָרטן און איבער די אַרבעטערס איז געווען אַ לידער ייִד. מאָנעס האָט ער געהייסן. אָט דער מאָנעס האָט דאָרט געהאַט פאַר זיך אַ שטיבל, און ער האָט געהאַט אַ דערלויבעניש פון געביטס־קאָמיסאַר דאָרט צו וווינען, ווײַל ער איז געווען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס דאָרט איז געטאָן געוואָרן. אָט דער גאָרטן איז שפּעטער געוואָרן דער פּלאַץ וווּ עס האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט פּאַרטי־זאַנער, וואָס פלעגן קומען פון וואַלד און האָבן ניט געקאָנט זיך בײַ טאָג אַרײַנבאַקומען אין געטאָ צוליב די „ווײַסע גענדז״, וואָס האָבן געהאַלטן וואַך. דאָרט האָבן מאָנעסעס באַקאַנטע און פרײַנד אויך געהאַט באַהאַלטן געווער. מאָנעס מיט זײַן פרוי זענען שפּעטער געקומען צו בעלסקין אין אַטריאַד און זענען דאָרט געווען ביז דער באַפרײַונג.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען פון וואַלד אַברהם פעלדמאַן אַרויסצו־נעמען פון געטאָ זײַנע אייגענע. ווען איך בין פאַר נאַכט געקומען פון מײַן אַרבעט, האָב איך געטראָפן אַברהמען אין אונדזער שטיבל, בײַ הענעך דעם געלן. איך בין באַלד צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל מיך מיט־נעמען אין וואַלד. אין אָנהייב האָט ער זיך געקווענקלט, ווײַל איך האָב ניט געהאַט קיין געווער, אָבער אַזוי ווי ער האָט מיך גוט געקענט פון פריִער, בעת ער איז געווען אַ טאָג־טעגלעכער אַרײַנגייער צו הענעך דעם געלן, האָט ער מסכים געווען און מיר געהייסן זיך צוגרייטן אויף צו מאָרגנס בײַ נאַכט. איך האָב גלײַך גענומען נייען אַ רוקזאַק פון אַ לײַוונטענעם זאַק, וואָס הענעכס ווײַב האָט מיר געגעבן. די שטוב איז פול געווען פון אַרײַנגעקומענע קיביצער, אָבער איך האָב זיך שוין איצט ניט צוגעהערט צו זייערע שמועסן. איך בין געווען פאַרטאָן מיט נייען דעם רוקזאַק און מײַנע געדאַנקען זענען שוין געווען אין אַן אַנדער וועלט.

פאַר טאָג בין איך, ווי אַלע טאָג, אַוועק צו דער אַרבעט. אָבער די אַרבעט איז מיר ניט געגאַנגען. צו וואָס איך האָב זיך צוגעריכט, איז מיר געפאַלן פון די הענט. די ווײַבער וואָס האָבן געשיילט קאַרטאָפל האָבן

גלײַך באַמערקט, אַז מיט מיר איז עפּעס ניט אין אָרדענונג. האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך פֿיל מיך ניט געזונט. אָבער חיימען, דעם ישיבה־בחור, האָב איך פֿאַרטרויט מײַן סוד. ער האָט מיר צוגעגעבן מוט, איך זאָל נאָר האָבן בטחון אין דעם רבונו־של־עולם און אַלץ וועט שוין זײַן גוט. איך האָב געציילט די מינוטן עס זאָל זיך שוין ענדיקן דער טאָג.

אַרײַנקומענדיק אין אונדזער שטיבל האָב איך געטראָפֿן אַברהמען און ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט שוין אַ גרופּע פֿון עטלעכע און צוואַנציק מאַן און אַז אַרום צוועלף בײַ נאַכט, ווען דער סיגנאַל וועט קומען פֿון לייזער סטאָליצקין, גייען מיר אַרויס. איך זאָל זײַן גרייט אַ צײַט פֿרײַער.

איך האָב שוין געהאַט צוגעגרייט דעם סאַמע מינימום וועש און אַנדערע נייטיקע זאַכן.

אַברהם פעלדמאַן איז דעם אָוונט געזעסן בײַ אונדז אין הויז. די איבעריקע מיטגלידער האָבן געוואַרט אין די דערבײַיִקע שטיבלעך. נאָך 12 אַ זייגער איז אַרײַנגעפֿאַלן אַ געטאָ־פּאָליציאַנט — דער שליח פֿון לייזער סטאָליצקי — מיטן „סיגנאַל״ אַז מיר זאָלן זיך שנעל אָפּטראָגן.

אין סעקונדעס ממש זענען אַלע געווען אין עק געטאָ, בײַ די דראָט־פֿאַרצאַמונגען. אין יענער נאַכט איז אַרויס נאָך אַ גרופּע. דער אָנפֿירער פֿון דער צווייטער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון מער ווי דרײַסיק מענטשן, איז געווען אַ לידער יונגער־מאַן, לייבקע אָרזשעכאָווסקי. אין געטאָ איז ער געווען באַקאַנט אונטערן צונאָמען לייבקע „קאַצאַפּ״. אַ קרעפּקער יאַט מיט ביינער. דאָס איז שוין געווען די צווייטע גרופּע, וואָס ער האָט אַרויסגעפֿירט פֿון געטאָ. אַזוי אַרום זענען מיר צוזאַמען מיט אַברהמס גרופּע געווען קרוב זעכציק מענטשן, די גרעסטע צאָל וואָס איז ביז דאַן אַרויסגעגאַנגען אין איין נאַכט.

יענע נאַכט, געדענק איך, האָט די לבנה העל געשײַנט און צוליב דעם האָט מען זיך געשראָקן אין די ערשטע מינוטן. ביז הײַנט צו טאָג געדענק איך דאָס העלע בילד, ווען כ׳בין צוגעלאָפֿן צו די דראָט־פֿאַרצאַמונגען און דערזען דאָס געזעמל מענטשן און אַ טייל מיט ביקסן

און רעוואָלווערן אין די הענט. אַט די זעלבע מענטשן וועלכע האָבן נאָך מיט מינוטן פריִער געטראָגן אויף זיך די געלע לאַטעס, שטייען איצט שטאָלצע און אָן מורא, מיט געווער אין האַנט, גרייט צו קעמפן. איך האָב דערפילט אַ דרך־ארץ פאַר אַט די דריסטע בחורים און גלײַכצײַטיק זיי מקנא געווען דאָס גליק צו האַלטן געווער אין האַנט.

פון איין זײַט די „ווײַסע גענדז" אין געטאָ און אויף יענער זײַט דראָטן — דעם געביטס־קאָמיסאַרס פאַרם פיאַרווו, אין גאַנצן אַ פּאָר הונדערט מעטער פון געטאָ, ווו עס האָט געהאַלטן וואַך די ווײַסרוסישע פּאָליציי, און דאָ שטייט אונדזער חברה מיט געווער... איך האָב נאָך ניט באַוויזן גוט אַנצוקוקן דאָס דאָזיקע ניט געוויינלעכע בילד, ווי אברהם און לייבקע דער "קאַצאַפּ" האָבן אַרויסגעצויגן זייערע רעוואָלווערן פון די קעשענעס און איבערגענומען די קאָמאַנדע, מעלדנדיק אונדז, אַז פון איצט אָן מוזן מיר זיך אונטערוואַרפן אַלע זייערע אָנווײַזונגען. זיי האָבן באַלד נאָך דעם געהייסן אונדז דורכקריכן דורך דער לאָך אין די דראָטן, אויף וועלכער זיי האָבן אָנגעוויזן. זיי זענען בײדע געשטאַנען מיט די רעוואָלווערן אין די הענט ביז אַלע זענען אַדורכגעקראָכן און נאָך דעם האָבן זיי צוריק צו רעכט געמאַכט די דראָטן. אויף יענער זײַט איז געפלאָסן אַ שמאָל פלאַך וואַסער. מיר זענען אַריבער דאָס וואַסער און זיך געפונען אויף די פעלדער פון דער פאַרם. דאָ האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרקע בילערײַ פון הינט. אַברהם און לייבקע „קאַצאַפּ" האָבן גע־געבן אַ באַפעל: „חברה, שטעלן פיס!".

נו, נו, האָבן מיר גענומען שטעלן פיס איבער די נאַסע פעלדער, וועלכע זענען געווען גענוג בלאָטיק פון דעם ערשט צעגאַנגענעם שניי. מען האָט „געצויגן", וויפל כוח ס'איז נאָר געווען, כדי וואָס שנעלער צו דערווײַטערן זיך פון געטאָ.

ווען ניט דער דערמאָנטער איבערפאַל אויף דער פאַרם וואָלט דאָס בילערײַ פון די הינט געוויס געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דײַטשן. נאָכן איבערפאַל האָבן די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן שוין דאַן געהיט די פאַרם, אַליין אויך געציטערט פאַר זייער פעל, האָבן זיי

זיך ניט וויסנדיק געמאַכט פֿון דער הינטישער בילערײַ.

אַן ערך 3־4 שעה זענען מיר געגאַנגען איבער פעלדער און סטעזש־קעס, ביז מיר זענען אַרויפגעקומען אויף אַ שליאַך.

מיר זענען אָפגעגאַנגען קוים אַ האַלבן קילאָמעטער מיטן אָפענעם שליאַך האָבן מיר באַגעגנט צוויי פּאַרטיזאַנער רײַטנדיק אויף פערד. דאָס איז געווען אַ ראַזוועדקע (אויסשפּיר) פון אַ רוסישן אָטריאַד. זיי האָבן אונדז אָפּגעשטעלט, אויסגעפרעגט ווער מיר זענען. די קאָמאַנדירן אונדזערע האָבן זיי אַלץ אויפגעקלערט. די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז צו־געווונטשן דערפאָלג און מיר זענען געגאַנגען ווײַטער מיטן וועג. פאַר אַברהמען איז קיין נײַעס ניט געווען צו טרעפן פּאַרטיזאַנער, אָבער אויף אונדז, וואָס מיר האָבן ביז איצט וועגן זיי בלויז געהאָט געהערט, האָט אָט די ערשטע באַגעגעניש געמאַכט ניט קיין געוויינלעכן אײַנדרוק. אַנדערע זענען געוואָרן אַזוי אויפגעהײַטערט, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן חכמהנען, אַז מ׳וואָלט גאָר באַדאַרפט מאַכן אַ שהחינו... איך, למשל, האָב זיך נאָר געוווּנדערט וואָס די פּאַרטיזאַנער רײַטן דאָ אַרום אַזוי פראַנק און פרײַ איבער די וועגן, ווי עס וואָלטן דאָ גאָר קיין דײַטשן ניט געבאַלעבאַטע־וועט... אַ ביסל ווײַטער, ווען מיר האָבן כסדר באַגעגנט פּאַרטיזאַנער, האָב איך זיך שוין אויפגעהערט צו וווּנדערן.

לייבקע „קאַצאַפּ" האָט אונדז דערקלערט, אַז פון דער גרעסטער געפאַר זענען מיר דערווײַל אַרויס. ער האָט אָבער געוואָרנט, אַז מיר זאָלן ניט מיינען, אַז עס לויערט ניט אויף אונדז די געפאַר צו פאַרלירן די קעפּ אויף יעדן שריט און טריט אויך דאָ. דער אונטערשייד איז נאָר דער, האָבן אונדז לייבקע און אַברהם פאַרזיכערט, אַז פונקט ווי מיר ווילן אויסמײַדן צו באַגעגענען זיך מיט דײַטשן, אַזוי ציטערן די דײַטשן פאַר די פּאַרטיזאַנער... איבערהויפּט ווען עס פלעגט אויסקומען אַ קליי־נער גרופּע דײַטשן צו פאָרן איבער די וועגן, האָבן זיי גאָר אָן קאַטאָוועס געציטערט פאַר אַ פּאַרטיזאַנישן אָנפאַל. זיי זענען דעריבער שטענדיק געפאָרן שטאַרק באַוואָפנט.

מיר האָבן אויף דעם גאַנצן וועג, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין



לייזער ענגעלשטערן (צווייטע שורה, ערשטער לינקס) מיט זיין מוטער
גאָלדע־פייגע (זיצט, צווייטע פון לינקס), ברידער שוועסטער און
פלעמעניצעס

וואַלד, ניט באַגעגענט קיין דײַטשן און אויך ניט קיין ווײַסרוסישע פּאָלי־ציאַנטן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געבראָדיעט איבער די בלאָטיקע פעלדער, געמאַכט טיפע אומוועגן און זיך געהאַלטן ווײַט פון די שליאַכן, כּדי זיך ניט אָנצושטויסן אויף דײַטשן און פּאָליציי. דורך דער גאַנצער נאַכט האָבן מיר, צוליב די אומוועגן איבער די פעלדער, זיך דערווײַטערט פון לידע סך־הכּל אויף 12 קילאָמעטער.

ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַרען אויף טאָג האָט אונדז אַברהם געזאָגט, אַז באַלד וועלן מיר אַרײַנגיין אין אַ גרויסן דאָרף, ווו מיר וועלן זיך אָפּרוען און קריגן עפּעס צו עסן. ער האָט אונדז געגעבן אָנווײַזונגען ווי אַזוי מיר זאָלן זיך האַלטן אין די פּויערישע הײַזער.

אַברהם און לייבקע האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך צע־שפּרייטן אין וואָס מער הײַזער, כּדי אַלע זאָלן קאָנען אָפּעסן צו זאַט. ווען איך בין מיט נאָך עטלעכע פון אונדזער גרופּע אַרײַן אין אַ שטוב, האָט די גאַנצע פּויערים־משפּחה דעם גוט־מאָרגן אונדז אַנטקעגן גע־טראָגן. זיי האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און אויפן טיש איז באַלד אָנגעגרייט געוואָרן אַ גרויסער לאַבן ראַזאָווע ברויט מיט אַ גרויסן קרוג מילך. הונגעריק איז מען געווען, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צום לאַבן ברויט מיטן מילך און מ׳האָט געריבן אויף ביידע באַקן. אין גע־ציילטע מינוטן איז פון דעם ברויט מיטן מילך קיין סימן ניט געבליבן... דאָס געוועזער פון די הענט האָבן די חברה אויף אַ סעקונדע ניט אַרויס־געלאָזט. אַפילו בײַם עסן. ווי הונגעריק איך בין געווען, האָב איך ניט אַזוי הנאה געהאַט פון דעם ברויט און מילך, ווי פון דעם צוקוקן זיך צום בילד ווי די גאַנצע פּויערים־משפּחה באַדינט אונדז, באַמיִענדיק זיך אַרויסצווווײַזן וואָס מער העפלעכקייט. קיין אַנדערע ווערטער ווי „מילענקי״ און „דושענקי״ (ליבינקער און האַרציקער) האָבן מיר פון זיי ניט געהערט. אָט די זעלבע גויִים בײַ וועמען מיר האָבן נאָך נעכטן געהאַט אַ ווערדע ווי ווערעם, אָט די גויִים, פאַר וועלכע מען האָט געמוזט זיך דערנידעריקן, זיי זאָלן טאָן די גרויסע טובה צו פאַרקויפן אַ שטיקל

ברויט פֿאַר די העכסטע פּרייזן, האָבן אין אָנבליק פֿון געווער זיך מיט אַ מאָל אַרויסגעשטעלט פֿאַר פֿריינד פֿון יידן.

מיר זענען אין דעם דאָרף לאַנג ניט געבליבן, באַדאַנקט פֿאַרן עסן און זיך געלאָזט ווייטער גיין אין מיטן העלן טאָג. איך בין נאָך אַ לאַנגע צייט געווען אונטער דעם אָנגענעמען איינדרוק פֿון דער ערשטער באַגעגעניש מיט די פּויערים, נאָך וועלכער איך האָב דערפֿילט, אַז איך טרעט איצט אַריין אין אַ נייער פֿאַזע פֿון מיין לעבן, און כאָטש מען האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די געפֿאַר לויערט אויף יעדן טריט און שריט, האָב איך זיך אָבער פֿאַר קיין שום זאַך ניט געשראָקן.

וואָס איז דער ווונדער, אַז מען האָט ניט געפֿילט קיין מורא. אין גאַנצן 12 קילאָמעטער פֿון לידע און מען זעט ניט קיין דייטש פֿאַר די אויגן.

נאָכן פֿאַרלאָזן דעם דאָרף זענען מיר דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען אָן אָפּשטעל. פֿאַר נאַכט צוגעקומען צו אַ כוטאָר (אַן איינצלנע פּויערישע ווירטשאַפֿט) און אין אַ שייער מיט היי איבערגענעכטיקט. דאָרט האָבן זיךביידע גרופּעס צעטיילט. אַ טייל זענען געבליבן מיט אַבֿרהמען — די וואָס האָבן געהאַט געווער — און זענען אַוועק צום רוסישן אָטריאַד „איסקראַ". לייבקע דער „קאַצאַפּ" האָט זיין גרופּע געפֿירט צו די ברידער בעלסקי. די מערהייט פֿון דער גרופּע האָט ניט געהאַט קיין געווער, ביז איך, מיט נאָך אייניקע פֿון אַבֿרהמס מענטשן, אַוועק מיט לייבקע דעם „קאַצאַפּ". פֿון דאַנען איז נאָך געווען אַ ווייטער מהלך ביז צו דער באַזע פֿון בעלסקיס מחנה — אַ שטרעקע פֿון אַ פּאָר טעג דורכצומאַכן מיט אומוועגן.

דער העלדישער פּאַרטיזאַן לייבקע אָרזשעכאָווסקי האָט איבערגעלעבט די מלחמה און צוזאַמען מיט זיין פֿרוי און זון געמאַכט זיין היים אין אַמעריקע, וווּ איך האָב זיך מיט אים אָפֿט געטראָפֿן. ער איז דערהרגעט געוואָרן אין אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפֿע אין פֿילאַדעלפֿיע. דורך אַזאַ טויט איז אים באַשערט געווען צו ענדיקן זיין לעבן.



נאָך אַ צווייטאָגיקן אויסמאַטערנדיקן מאַרש זענען מיר צוגעקומען צו די ראַנדן פון וואַלד, ווו ס'האָט זיך געפונען די באַזע (די געגנט האָט מען גערופן „די אַלטע הוטע"). דאָ האָבן אונדז באַגעגנט בעלסקיס צוויי ראַזוועדטשיקעס (אויסשפּירערס) אויף פערד מיט די ביקסן אָנגעהאָנגען איבער די פּלייצעס. דאָס זענען געווען בענטשע גולקאָוויטש און חיים קראַוועץ.

די באַזע האָט זיך געפונען טיף אין וואַלד. ערשט דאָ האָבן מיר זיך דערפילט אויסגעשעפּט פון די כּוחות. מיר האָבן זיך אָבער ניט פאַרגונען אָפּצורוען, געוואָלט וואָס פריִער זײַן אויף דער באַזע. די אויסשפּירערס האָבן אונדז געפירט אַהין.

די באַזע, — אַ פּאַנאָראַמע פון בײַדלעך, צעשפּרייט איבער אַ היפּשן שטח פון אויסגעהאַקטן וואַלד. איך האָב דערזען ייִדן — מענער, פרויען און קינדער — אַן גאַנצע לאַטעס... מונטערע, שמייכלענדיקע. דער ערשטער אײַנדרוק איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. איך שעם זיך ניט צו זאָגן, אַז בעת־מעשׂה האָט זיך בײַ מיר אַראָפּגעקײַקלט אַ טרער פון אויג...

עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צו אונדז מענטשן פון אַלע זײַטן. פרײַנד און באַקאַנטע האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס, מען האָט זיך געקושט, געהאַלדזט, מען האָט געוויינט פאַר פרייד. נאָך עטלעכע צענדליק ייִדן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די מערדערישע הענט.

באַלד זענען צו אונדז צוגעקומען די ברידער בעלסקי — טוביה, עשׂהאל, זוסיע און דער ייִנגסטער, אַרטשיק — דער גאַנצער שטאַב.

דער קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן הויכער, ברייטפּלייציקער פיגור. אין אַ לעדערנעם מאַנטל, מיט אַ רעוואָלווער בײַ דער זײַט — אַן אמתער קאָמאַנדיר... מען האָט געקאָנט מערקן אויף זײַן פּנים, אַז ער איז צופרידן מיט דער נײַער גרופּע פּאַרטיזאַנער, וואָס איז איצט צוגעקומען, און דער עיקר, מיט דעם צוגעקומענעם געווער. באַלד האָט ער גענומען באַקוקן דאָס געווער. אויסגעפּרוווט די שלעסער, צי וועלן זיי טויגן, ווען מען וועט דאַרפן. מען האָט

אויך געקאָנט מערקן בײַ איינִיקע אויף די פּנימער אַ געוויסע אַנטוישונג, וואָס אַ טייל פון אונדז איז געקומען אָן געווער. די מחנה האָט שוין דאַן געציילט 300 מענטשן און געווער איז געווען זייער קנאַפּ. מען האָט אויס־געקוקט אויף יעדן שטיקל געווער. און מיר האָבן טאַקע באַלד דערהערט פון דער זײַט: „נאָך אַ פּעקל מלבושים איז געקומען". אָט די קריטישע באַמערקונג איז געזאָגט געוואָרן אויפן אַדרעס פון די, וואָס זענען געקו־מען מיט ליידיקע הענט. איך האָב באַלד דערפילט, וואָס דאָס מיינט — די וואָס האָבן ניט קיין געווער זענען אַ לאַסט פאַר די וואָס האָבן יאָ.

אַז ס'איז ניט אַזוי געווען, האָבן שפּעטער דערוויזן די „מלבושים" מיט זייער בײַטראָג צו די טעטיקייטן פון בעלסקיס מחנה, מיט זייער אָנטייל, אויף אַ באַזונדערן אופן, אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן שונא, איבערהויפּט אין דער לעצטער פאַזע פון בעלסקיס אָטריאַד אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. אָבער דער עיקר: די בעלסקיס האָבן אָנגענומען יידן, מיט געווער און אָן געווער, סײַ יונג, סײַ אַלט, ווער ס'האָט זיך נאָר געקאָנט אַרויסרײַסן פון געטאָ און געטראָפן דעם וועג צו זייער מחנה, אַפילו אין קריטישע פאַרן אָטריאַד מאָמענטן.

מען האָט אונדז אַלעמען צוגעפירט צו אַ בײַדל, און אַ דאָקטאָר האָט אונדז אונטערזוכט. נאָך דעם האָבן מיר באַקומען עסן. די וואָס האָבן דאָ געהאַט קרובים און נאָענטע האָבן געפונען אָן אָרט אין די משפּחה־בײַדלעך. איך האָב דאָ קיין פרײַנד ניט געהאַט. כ'האָב אָבער געפונען אַ לידער משפּחה, קושעלעוויטש. אַ מאַן און פרוי מיט צוויי זין פון אַן ערך 14 און 16 יאָר. זיי האָבן מיך אַרײַנגענומען אין זייער בײַדל.

די ערשטע צײַט האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען. קושעלעוויטש האָט געהאַט פאַר דער גאַנצער משפּחה אַן „אָברעז", דאָס הייסט אַ ביקס מיט אַן אָפּגעזעגטער לופע.

18

## די ברידער בעלסקי

אין דער בעלסקי־משפחה זענען געווען 9 זין און 2 טעכטער. דער פאָטער דוד האָט געהאַט אַ מיל אין דאָרף סטאַנקעוויטש, 10 קילאָמעטער פון שטעטל נאָוואָגרודעק, מערב־ווײַסרוסלאַנד. אויסער דער מיל האָט ער אויך פאַרמאָגט ערד און אַליין באַאַרבעט זײַנע פעלדער. אויסגעהאָדעוועטע אין שויס פון דער נאַטור, זענען די בעלסקיס פון קינדווײַז אָן צוגעוווינט געווען צום וואַלד און פעלד. זיי האָבן געקענט אַלע וועגן און סטעזשקעס ווײַט אַרום און געווען באַקאַנט מיט די פויערים פון דער געגנט, וועלכע פלעגן ברענגען זייערע תבואות אין מיל.

ווען די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן אויסמאָרדן די ייִדן אין זייער געגנט און אין איינער פון די שחיטות זענען אומגעקומען בעלסקיס עלטערן, זענען צוויי ברידער, זוסיע און עשהאל, אַנטלאָפן, זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער. ביז דער דײַטשער אָקופּאַציע האָט דער עלטערער ברודער, טוביה, געוווינט אין לידע. ער האָט אָבער געוואָלט זײַן אין אַזאַ צײַט צוזאַמען מיט דער משפחה, האָט ער אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן זיך געלאָזט אַהין און עס איז אים געלונגען אָנצוקומען בשלום אַהיים.

זוסיע מיט עשהאלן האָבן אַנטלויפנדיק פון שטוב געהאַט מיטגענומען מעסערס, וואָס האָט זיי געזאָלט דינען אַלס געווער אין פאַל פון אַ געפאַר. זיי האָבן דורך באַקאַנטע פויערים אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די איבעריקע משפחה־מיטגלידער. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט ווי עס זענען צו זיי געקומען אַלע נאָענטע, וואָס האָבן באַוויזן צו ראַטעווען זיך פון אומקום. צוזאַמען האָבן זיי דאַן געבילדעט אַ גרופּע

פון 19 מענטשן. זיי האָבן בעת־מעשׂה קיין אָנונג ניט געהאַט, אַז אָט די קליינע גרופּקע וועט שפּעטער זיך צעוואַקסן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפּשרעק־כוח קעגן די פּויערים, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די דײַטשן, צו מאָרדן ייִדן, אין אַ ייִדישן אָטריאַד וואָס וועט זיך באַטייליקן אין אַלגעמיינעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף קעגן נאַצישן שׂונא.

צוויי חדשים צײַט האָבן זיי אַרומגעוואַנדערט איבער די וועלדער, ווו זיי האָבן זיך בײַ טאָג געוואַרעמט אַרום די פֿײַערן, וואָס זיי האָבן פונאַנדערגעלייגט, און בײַ נאַכט זענען זיי געגאַנגען אין די דערפער צו באַקאַנטע פּויערים נאָך שפּײַז און האָבן שוין דאָרט אַ מאָל איבער־גענעכטיקט. זיי האָבן אָבער געזען, אַז לאַנג אַזוי אַרומדרייען זיך צווישן די פּויערים וועלן זיי ניט קאָנען. די פּויערים וועט סוף־כל־סוף מיאוס ווערן זיי צו געבן עסן און זיי וועלן פריִער אָדער שפּעטער די ייִדן אויס־ליפערן צו די דײַטשן. דער איינציקער אויסוועג איז דעריבער געווען — זיך באַוואָפענען!

אָבער ווי אַזוי און ווו קריגט מען געווער?

זיי האָבן אָנגעהויבן זיך נאָכצופרעגן בײַ באַקאַנטע פּויערים, ווער עס האָט געווער (פיל פּויערים האָבן צונויפגענומען דאָס געווער, וואָס די אָפּטרעטנדיקע סאָוועטישע סאָלדאַטן האָבן איבערגעלאָזט און עס נאָך דעם באַהאַלטן). ס׳האָט זיך זיי אײַנגעגעבן אָנצוטרעפן אויף אַזעלכע פּויערים. זיי האָבן אויסגעביטן אויף בגדים און אײַנגעקויפט פאַר געלט 9 ביקסן און 3 רעוואָלווערן.

מיט געווער אין האַנט — האָבן זיי זיך מיט אַ מאָל דערפילט האַ־פּערדיק און זיכער; אַפילו די פּויערים האָבן באַקומען פאַר זיי דרך־ארץ.

דאָס איז אויסגעפאַלן אין דער צײַט נאָך דער ערשטער שחיטה אין נאָוואָגרודקער געטאָ. דאָרט האָבן די בעלסקיס געהאַט אַ קוזין, יודל בעלסקי. האָבן זיי דורך אַ באַקאַנטן שייגעץ געשיקט אַ בריוול צו אים, אין וועלכן זיי האָבן אים געלאָזט וויסן פון זיך און אים גערופן אָרגאַ־ניזירן אַ גרופּע ייִדן און אַרויספירן זיי פון געטאָ. דערבײַ האָבן זיי אָנגעגעבן דעם נאָמען פון אַ פּויער אין דאָרף מאָקרעץ, קאָזלאָווסקי,

ווו זיי וועלן אים אָפּוואַרטן און מיטנעמען אין וואַלד. און אַזוי איז געווען. געקומען זענען דאַן אַכט מענטשן.

אַזוי אַרום זענען זיי געוואָרן אַ גרופּע פון 27 מאַן. איצט איז שוין געווען נייטיק אַ מענטש, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער גרופּע. נאָך אַ באַראַטונג איז טוביה בעלסקי באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון דער גרופּע. אויף דער זעלבער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו נעמען נקמה אין די נאַצישע מערדערס. און אויפן ערשטן אָרט — אָפּצוראַמען פון וועג אַזעלכע פּויערים, וואָס האָבן געהאַט אַ האַנט אין העלפן די דייטשן הרגענען ייִדן. מיט דעם האָבן זיי גלייכצייטיק געצילט אָנצוּוואַרפן אַ מורא אויף די פּויערים, וועלכע האָבן געלויערט אויף זיי גופא.

דער ערשטער נקמה־אַקט איז אויסגעפירט געוואָרן אויף אַ פּאָליצייִשער פאַמיליע, מאַרצינעווסקי, אין קליין איזווע. אַלע זין פון יענעם פויער זענען געווען פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געדינט די נאַצישע אָקופּאַנטן. אויסער דעם האָבן זיי אָנטייל גענומען אין צורויבן ייִדיש פאַרמעגן. בעלסקיס גרופּע האָט אין מיטן דער נאַכט זיך אַרייַנגעריסן צו זיי אין שטוב און אַלעמען אויסגעשאָסן און נאָך דעם אָוועקגעלאָזט מיטן פייַער די גאַנצע ווירטשאַפט זייערע. דער דאָזיקער ערשטער נקמה־אַקט האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין אַלע דערפער פון יענער געגנט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז בעלסקיס גרופּע אָוועק אין גרויס איזווע און אויך דאָרט האָבן זיי דורכגעפירט גענוי אַזאַ שטיקל אַרבעט. קורץ נאָך דעם האָבן זיי געכאַפּט אַ שפּיאָן, וואָס האָט געלויערט אויף זייער גרופּע. אויך ער איז דערשאָסן געוואָרן.

אָט די נקמה־אַקטן האָבן געבראַכט דערצו, אַז די פּויערים פון דער גאַנצער געגנט האָבן שוין געציטערט פאַר בעלסקיס פּאַרטיזאַנער און געטראָגן אַנטקעגן אַלץ וואָס די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרלאַנגט.

קורץ נאָך דעם האָט בעלסקיס גרופּע זיך אָנגעטראָפן אויף רוסישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אָפּערירט אין יענער געגנט אונטער דער אָנפירונג פון אַ סאָוועטישן לייטענאַנט וויקטאָר פּאַנטשענקאָ. אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיך צונויפגעקליבן אין באָטשקעוויטשער וואַלדביידע גרופּעס

און אויף דעם צוזאַמענטרעף איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן זיך און צוזאַמען אָפּערירן.

דעם פאַראייניקטן אָטריאַד האָט מען אָנגערופן אויפן נאָמען פון אָר־דזשאָניקידזע. אויף יענער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן קודם־כל צו מאַכן אַן איבערפאַל אויף דײַטשן און אַזוי אַרום אַרײַנקריגן געווער.

די ערשטע זאַסאַדע (לויערונג) איז דורכגעפירט געוואָרן אין וואַ־לעווקע, אויפן שאָסיי צווישן נאָוואָגרודעק און נאָוואָיעלניע, 10 קילאָמע־טער פון נאָוואָגרודעק.

דער רעזולטאַט פון יענער ערשטער לויערונג איז געווען: פיר דער־הרגעטע דײַטשן, צוויי צעשעדיקטע מאַשינען און טראָפייען: 2 פולע־מיאָטן, 4 ביקסן און 250 קוילן.

דערמוטיקטע פון דער ערשטער לויערונג האָט מען שפּעטער דורכ־געפירט אַן אָנפאַל אויף אַ וואַכפּאָסטן אין יאַצוקי (וואָס האָט געהיט די באַן־ליניעס), בעת וועלכן עס זענען דערהרגעט געוואָרן 2 דײַטשן, און אויף דעם וואַכפּאָסטן פון אָשמאַלאָווער הויף.

אין דער זעלבער צײַט האָבן די בעלסקיס געשיקט שליחים קיין נאָוואָגרודעק און לידע, רופן ייִדן צו אַנטלויפן פון געטאָ, קומען אין וואַלד און זיך אָנשליסן אין זייער גרופּע.

✶

דער זומער 1942 איז פאַרבײַגעלאָפן. עס האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט און אין פאָרויס — אַ לאַנגער ווינטער. האָט מען זיך אָנ־געהויבן צוצוגרייטן צום ווינטער. מען האָט זיך אַ נעם געטאָן אויסצו־בויען זעמליאַנקעס (אונטערערדישע שטיבלעך) און צוגרייטן עסנוואַרג. און איידער דער ערשטער שניי האָט באַדעקט די ערד, האָט מען זיך באַזעצט אין זיי. אָבער די ווײַסרוסישע פּאָליציי האָט געלויערט אויף אַזעלכע זעמליאַנקעס אין די וועלדער און איין מאָל האָבן זיי טאַקע דער־טאַפּט די זעמליאַנקעס פון בעלסקיס אַ גרופּע. צום גליק האָבן אַלע באַ־וויזן צו אַנטלויפן און מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט פינף קרבנות. דאָס איז געווען אין זאַבעלאָווע אין מיטן ווינטער.

אָנגעלערנט פון לעצטן איבערפאַל איז מען שוין געווען פאַרזיכ־טיקער. מען האָט זיך געטיילט אין קלענערע גרופּעס און געבויט נײַע זעמליאַנקעס אין אַן אַנדער וואַלד.

די צווייטע אָבלאַווע אויף בעלסקיס אַ גרופּע איז געווען אין כראָ־פּיניעווע, ניט ווײַט פון איוויע. דאָרט זענען געפאַלן 8 פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי טוביה בעלסקיס פרוי.

ווען דער פרילינג האָט זיך אונטערגערוקט האָבן זיך אַלע גרופּעס ווידער פאַראייניקט און אינעם וואַלד, אין דער געגנט פון דער „אַלטער הוטע", איז ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן די צענטראַלע באַזע. אַהער האָבן עס אָנגעהויבן צו קומען ייִדן פון לידער געטאָ. עס האָט לאַנג ניט געדויערט ווי אויף דער דאָזיקער באַזע איז שוין געווען אַ געזינדל פון 500 ייִדן — מענער, פרויען און קינדער.

דאָס איז מער־ווייניקער, אין קורצן, די געשיכטע פון בעלסקיס אָטריאַד אין זיין ערשטער פאַזע.

19

# אין ייִדישן אַטריאַד

מײַן ערשטער טאָג אין וואַלד איז אַדורך אין כסדרדיקער התפּעלות. כ׳בין אַרומגעגאַנגען פון איין בײַדל צום צווייטן און געטראַכט: אַ זעלטן פאָלק זענען מיר, ייִדן — ווי גיך מען פּאַסט זיך צו צו יעדער סיטואַציע. אַזוי איז געווען אין געטאָ און אַזוי איז אויך דאָ, ווו מען איז מיט אַ מאָל צוריקגעשטויסן געוואָרן צו די אורצײַטן.

אָט, למשל, אַזאַ אַרטיקל פון ערשטן געברויך, ווי וואַסער. עס האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ חידוש, ווען איך האָב דערזען דאָס ערשטע מאָל אין וואַלד די צוויי אויסגעגראָבענע ברונעמער. אַזאַ ברונעם איז געמאַכט געוואָרן ממש אין געציילטע שעהען, נאָך דעם ווי מען איז אַרויף אויף אַ נײַער באַזע. אַז מען האָט געהאַט מזל, האָט מען געטראָפן וואַסער תּיכּף נאָכן גראָבן מיט שופלען בלויז אַ 2 — 3 מעטער די טיף. דאַן האָט מען אַלע פיר ווענט פון גרוב אויסגעלייגט מיט האָלץ און די וואַסער־פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן.

פונקט אַזאַ התפּעלות האָבן בײַ מיר אין ערשטן מאָמענט אַרויסגע־רופן די בײַדלעך, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט אויף צום שלאָפן און וואָס האָבן אויך געדינט צו באַשיצן זיך פון רעגן. מיט דער הילף פון אַ האַק און אַ זעג איז אין אַ פּאָר שעה פאַרטיק געוואָרן אַזאַ בײַדל. מען האָט זיך אַזוי אײַנגעאַרבעט אין אויפשטעלן די בײַדלעך, אַז ווען מען איז אַרויף אויף אַ נײַער באַזע זענען מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט רייען מיט אַזעלכע געצעלטן, פון אויבן צוגעדעקט מיט סכך, ווי אויף סוכּות... און ווען עס פלעגט גיסן

אַ שטאַרקער רעגן איז מען טאַקע ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן דורכגענעצט געוואָרן. דערפאַר אַז מען איז אַרײַן אין אַ וואַלד פון נאָדלביימער, האָט מען אָפּגעשיילט די קאָרע פון די ביימער און מיט דעם צוגעדעקט דעם דאַך. דאַן איז מען אויף אַן אמת באַשיצט געווען פון אַ רעגן.

*

דאָס לעבן אין אָטריאַד איז געווען אונטערגעוואָרפן אַ געוויסער דיסציפלין, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון קאָמאַנדיר טוביה בעל־סקי און די שטאַב־מיטגלידער. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אַכטונג געגעבן, אַז דער רעגולאַמין זאָל אָפּגעהיט ווערן. אַזוי, למשל, האָט מען ניט געטאָרט אויסטאָן די שטיוול אָדער די שיך אַפילו בײַם שלאָפן. דאָס געווער מיטן רוקזאַק האָט מען שטענדיק געדאַרפט האַלטן גרייט לעבן זיך.

די באַזעס האָט מען געביטן גאָר אָפט. אין די וועלדער האָבן זיך שטענדיק אַרומגעדרייט פויערים, וואָס פלעגן קלײַבן שוועמלעך אָדער יאַגדעס, און מען האָט קיין מאָל ניט געקאָנט וויסן, אויב אַזאַ איינער איז ניט קיין אונטערגעשיקטער שפּיאָן, וואָס לויערט אויף פּאַרטיזאַ־נער. אין אַלע עקן וואַלד זענען געווען אויסגעשטעלט אונדזערע פּאָסטנס, און אויב דער פּאָסטן האָט באַמערקט אַ פויער, וועלכער האָט אַרויסגע־רופן אַ חשד, האָט ער באַלד געלאָזט וויסן אין שטאַב. ס׳פלעגט טרעפן, אַז נאָך אַ באַראַטונג האָט דער שטאַב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די באַזע.

דאָס איבערגיין אויף אַ צווייטער באַזע איז פאָרגעקומען בײַ נאַכט. מיט אַזאַ גרויסער מחנה פון עטלעכע הונדערט מענטשן האָט מען זיך געמוזט באַוועגן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. מיר זענען זעלטן געגאַנגען מיטן אָפענעם שליאַך, מערסטנס — מיט זײַטיקע וועגן, איבער פעלדער און וועלדער, און ניט איין מאָל איז אויסגעקומען אַריבערצוגיין צו פוס אַ טײַך, אויב ער איז נאָר ניט געווען צו טיף. מיר האָבן גע־מאַכט צענדליקער קילאָמעטערס אומוועג, אַבי ניט אײַנצושטעלן די לעבנס פון די ניט־קאַמפּספּעזיקע און עלטערע מענער, פרויען און קינ־דער.

אויף דער באַזע פון דער „אַלטער הוטע״ זענען מיר געזעסן לענגער ווי אויף אַלע אַנדערע באַזעס פון יענעם ראַיאָן אין פאַרלויף פונעם אָנ־הייב זומער 1943. מיר זענען דאָ דורכגעגאַנגען יעדן טאָג, נאָך פרישטיק, מיליטערישע איבונגען און זיך געלערנט באַגיין מיט געווער.

די וועלדער אין דעם ראַיאָן זענען געווען קליינע, און נאָענט פון וואַלד דערפער — האָט מען געמוזט זײַן פאָרזיכטיק און בײַם לערנען זיך שיסן האָט ניט געקאָנט זײַן קיין רייד פון באַנוצן אמתע קוילן.

געענדיקט מיט די איבונגען, האָט מען אַראָפּגענומען די העמדער און זיך גענומען אויסרייניקן פון זיי די לײַז... מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווי פּאָטעטיש דאָס דאָזיקע בילד האָט אויסגעזען. מען האָט דערבײַ זיך ניט וויניק געוויצלט און עס איז געווען גענוג שטאָף צום וויצלען. ווער האָט געמאַכט דערפון אַ וועזן. שפּעטער, ווען מיר זענען שוין געווען אין נאַליבאָקער פושטשע, האָט מען צו דער לײַזפּלאָג געפונען אַ מיטל.

*

דאָס באַשפּײַזן אַזאַ גרויסע מחנה מענטשן איז געווען אַ גאַנץ האַר־בע פּראָבלעם, סײַ דאָס קריגן די פּראָדוקטן, סײַ דאָס ברענגען זיי אויף דער באַזע. און אַפילו דאָס צעטיילן די פּראָדוקטן אויף גלײַכע חלקים איז אויך געווען אַ פּראָבלעם. עס זענען צוליב דעם געווען גאַנץ אָפט סיכסוכים.

יעדע נאַכט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן איינע אָדער צוויי גרופּעס אויף אַ ווירטשאַפטלעכע אָפּעראַציע. אַזאַ גרופּע איז, געוויינטלעך, באַ־שטאַנען פון 10—12 באַוואָפנטע מענער, וועלכע האָבן געקענט אַלע זײַטיקע וועגן און אויך די דערפער אין דעם ראַיאָן — בראַווע און אומ־דערשראָקענע חברה־לײַט, וואָס האָבן אַרויסגערופן דרך־ארץ בײַ די פּויערים.

עס זענען געווען פאַראָרדענונגען מצד דער העכערער פּאַרטיזאַני־שער אָנפירונג אין וועלכע דערפער די פּאַרטיזאַנער האָבן געמעגט נע־מען פּראָדוקטן, וואָס מען האָט יאָ און וואָס מען האָט ניט געטאָרט, אָבער ניט אַלע מאָל האָט מען זיך געהאַלטן בײַם אות פון געזעץ.

ווען אַזאַ גרופּע איז אַרײַנגעפאָרן אין אַ דאָרף, איז מען קודם־כל געגאַנגען צו פאַרמעגלעכע פּויערים מאַכן די „באַמביאַשקע" (שפּײַז־פאַרגרייטונג). ווי אַזוי האָט מען אָבער געוווּסט ווער ס'זענען די פאַר־מעגלעכע?

אין יעדן דאָרף האָט דער אָטריאַד געהאַט אַ פאַרבינדלער, מערסטנס איז דאָס געווען אַן אָרעמער פּויער, וועלכער האָט צוגעשטעלט אַלע נײַ־טיקע אינפאָרמאַציעס. אַזוי אַרום האָט מען געוווּסט וועגן יעדן קריסט, וויפל ערד ער פאַרמאָגט, וויפל פערד, בהמות אא"וו. אַזאַ פּויער האָט געהייסן „לעגאַלשטשיק". קודם האָט מען בײַ אַזאַ איינעם גאָרניט גע־נומען, און ניט זעלטן האָט מען דעם פּויער עפּעס געגעבן נאָך אַ דער־פאָלגרײַכער „באַמביאַשקע".

די פּויערים האָט גאָרניט געשמעקט, וואָס אונדזערע פאַרטיזאַנער מאַכן אַ טאָלק מיט זייערע בהמות און האָב־און־גוטס. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט פאַר די פאַרטיזאַנער. געווען פּויערים, וואָס האָבן געפּרוּווט איבערכיטרעווען אונדזערע בחורים און באַהאַלטן זייערע פּראָדוקטן און בהמות. אָבער עס האָט זיי ווייניק געהאָלפן. מען פלעגט זוכן און אַז מען האָט געפונען האָט אַזאַ פּויער אָפּגעשניטן פיל ערגער.

פאַר טאָג האָבן שוין די גרופּעס מיטן שפּײַז געמוזט זײַן אויף דער באַזע; די רעקווויזירטע בהמות האָט מען גלײַך געשאָכטן, צעשניטן און צעטיילט. אַלץ איז געמאַכט געוואָרן אין גאַײַל. יעדע רגע האָט מען זיך געקאָנט ריכטן אויף אַן אָבלאַווע.

די ברויט־פּראָבלעם אין וואַלד איז געווען פיל האַרבער ווי אַנדערע שפּײַז־פּראָבלעמען. זעלטן האָט מען געקאָנט אויף אַ ווירטשאַפטלעכער אָפּעראַציע אויפזאַמלען בײַ די פּויערים אַזוי פיל, אַז יעדער איינער אויף דער באַזע זאָל קריגן אַ שטיקל ברויט. איז מען שטענדיק געווען זשעדנע אין אַ ביסן ברויט. אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען רויִק, שטיל, האָט מען וועגן דעם געטראַכט, אָבער ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ סומאַטאָכע און מען האָט געדאַרפט אַנטלויפן, האָט מען פאַרגעסן בכלל וועגן עסן.

פאַר קיין זאַך האָבן מיר זיך אַזוי ניט געשראָקן ווי פאַר אַרײַנפאַלן

לעבעדיקע צו די דײַטשן אין די הענט. ווען זיי האָבן געכאַפּט אַ לע־בעדיקן פּאַרטיזאַן, בפרט נאָך אַ ייִד, האָבן זיי אים אָנגעטאָן די שווידער־לעכסטע נגישות איידער זיי האָבן אים אויפגעהאַנגען. נאָך דעם האָבן זיי דעם קרבן געלאָזט הענגען אין דאָרף טעג נאָך אַנאַנד.

אָבער אויף מאָרגן נאָך אַן אָבלאַווע האָט דער הונגער ווידער געלאָזט הערן פון זיך, — האָט מען ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ ביסן ברויט...

ווי נאָר מען האָט באַמערקט אַז אַ גרופּע האָט זיך צוריקגעקערט מיט פערד־און־וואָגן אויף דער באַזע, איז מען געלאָפן זען, צי מען האָט געבראַכט ברויט. אויב מען האָט באַמערקט אַז יאָ, איז מען שוין ניט אָפּגעטראָטן. באַלד האָט זיך אויסגעשטעלט אַ לאַנגע ריי. די פאָדערשטע אין דער ריי פלעגן נאָך כאַפּן אַ שטיקל ברויט, אָבער פאַר די הינטער־שטע האָט שוין ניט געסטאַיעט. נו, אָט פון דעם פלעגט זיך שאַפן קינאה, שׂינאה און בייז בלוט.

אָבער צו ווערמען האָט מען געקאָנט האָבן טענות?

אין אַ בעסערער לאַגע האָבן זיך געפונען די וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט אָנטייל גענומען אין קאַמף קעגן שונא. ווען זיי פלעגן אַרײַנ־פאָרן אין אַ דאָרף האָבן זיי שטענדיק געקראָגן וואָס אָפּצועסן בײַ אַ פּוי־ער. מיר אַלע האָבן זיי דאָס פאַרגונען מיטן גאַנצן האַרצן, יעדער פון אונדז האָט גוט געוווּסט, אַז זיי שטעלן אײַן זייער לעבן פיל מער, ווי די וואָס אויף דער באַזע. ניט איינער האָט טאַקע פאַרלוירן דאָס לעבן בײַם אויספילן זײַן פליכט.

דער צענטראַלער שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין אונדזער געגנט האָט פאַר בעלסקיס אָטריאַד צוגעטיילט אַ קאָרגן דער־פער־ראַיאָן, ווו מען האָט געמעגט נעמען בײַ די פּויערים געוויסע פּראָ־דוקטן. די רוסישע פּאַרטיזאַנער זענען געווען וויניקער איבערקלײַבע־ריש און ניט זעלטן ראַבירט בײַ די פּויערים ווערטפולע זאַכן פאַר זיך. עס זענען געווען ניט וויניק פאַלן ווען פּויערים האָבן זיך באַקלאָגט פאַר דער העכערער אָנפירונג און אָנגעגעבן, אַז דאָס זענען געווען בעלסקיס

פאַרטיזאַנער. טוביה בעלסקין האָט שוין קיין צרות ניט געפעלט. ער פלעגט אַלע מאָל דערווײַזן, אַז דאָס איז געווען אַ בילבול. בכלל זענען אונדזערע חברה געווען אָפּגעהיט פון אַזעלכע זינד.

ניט ווייניק פויערים האָבן זיך אָנגעראַבירט מיט ייִדישן גוטס. און ווען בעלסקיס פאַרטיזאַנער זענען אַרײַנגעקומען אין אַ פויערישער שטוב, האָבן זיי עס געהאַט אין זינען און געזוכט אין די באַהעלטענישן ייִדיש פאַרמעגן. און אויב מען האָט געפונען האָט מען אַן צערעמאָניעס עס צוגענומען.

בכלל זענען די פויערים ניט געווען גליקלעך מיט דעם וואָס זיי האָבן געמוזט אויסהאַלטן אויף זייערע פּלייצעס אַזוי פיל פאַרטיזאַנער. די דײַטשע אָקופּאַנטן האָבן געהאַט די קאָנטראָל אויף אַלע גרעסערע און קלענערע ווירטשאַפטן. די פויערים האָבן זיי געמוזט צושטעלן באַ־שטימטע קוואַנטומס תבואה און פּראָדוקטן און אַזוי אַרום איז דער פויער געווען צווישן „האַמער און קאָוואַדלע"... אָבער נאָך אַלעמען האָט ער אין דער מלחמה ווייניקער געליטן. ער איז געזעסן אין זײַן אייגענער שטוב און פאַר זיך און זײַן משפחה האָט אים קיין עסן ניט געפעלט. אָבער זײַן אומצופרידנקייט האָט ער אַרויסגעוויזן צו די ייִדישע פאַר־טיזאַנער, און נאָר די מורא פאַר געווער און נקמה־אַקטן האָט אים גע־צוווּנגען זיך אָפּצוהאַלטן פון אַרויסווײַזן אָפענע שׂינאה.

אין מערץ 1943 איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ גרופּע פון 10 מאַן אויף אַ ווירטשאַפטלעכע אָפּעראַציע. דער אָנפירער פון דער גרופּע איז געווען אַ יונגער בחור פון נאָוואָגרודעק אברהם פּאָלאַנסקי. נאָכן דורכ־פירן די אויפגאַבע האָט די גרופּע, אויפן וועג צוריק צו דער באַזע, זיך אָפּגעשטעלט אין אַ כוטאָר, סך־הכל 5 קילאָמעטער פון נאָוואָגרודעק.

דער פויער בעלאָוס מיט זײַן משפחה האָבן פּאָלאַנסקין גוט גע־קענט. ער האָט די פאַרטיזאַנער גוט אויפגענומען, זיי געגעבן צו עסן און טרינקען. פאַרמאַטערטע, האָבן די חברה נאָכן עסן געכאַפּט אַ דרעמל. האָט דער פויער בעלאָוס אַוועקגעשיקט זײַן זון אין נאָוואָגרודעק איבער־צוגעבן די דײַטשן, אַז בײַ אים זענען פאַראַן ייִדישע פאַרטיזאַנער. טראָץ

דעם וואָס אין דרויסן איז געווען אַרויסגעשטעלט אַ שמירה, האָט זיך דעם זון איינגעגעבן אומבאַמערקט צו פאַרשווינדן פון שטוב און דער־לויפן ביז נאָוואָגרודעק.

אַ גרויסע אָפּטיילונג פון דײַטשן און ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן איז באַלד אָנגעקומען, אַרומגערינגלט די שטוב און 9 פון די חברים דער־שאָסן אויפן אָרט. אין דער אַנטשטאַנענער סומאַטאָכע האָט זיך פּאָלאַנ־סקין אײַנגעגעבן אַרונטערצוקריכן אונטערן אויוון אין דעם קאָטוך פאַר היגער און אַזוי אַרום ניצול ווערן. ער איז דאָרט געלעגן ביז די באַנדע איז אַוועקגעפאָרן. דאַן איז פּאָלאַנסקי אַרויסגעקראָכן פון אונטערן אויוון און אויסגעשריִען צו בעלאָוסן, אַז פאַר דער דאָזיקער מסירה וועט גענו־מען ווערן נקמה (דאָס האָט מען זיך דערוווּסט שפּעטער). נאָך איידער פּאָלאַנסקי האָט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, האָט בעלאָוס׳ זון מיט אַ האַק צעשמעטערט זײַן שאַרבן.

ווען עס זענען אַריבער אייניקע טעג און פּאָלאַנסקי מיט זײַן גרופּע האָבן זיך ניט צוריקגעקערט האָט דער קאָמאַנדיר אַרויסגעשיקט אַן אויסשפּיר אין דער געגנט ווו זיי זענען געשיקט געוואָרן.

ווען די אויסשפּירערס האָבן געבראַכט די טרויעריקע נײַעס איז אין שטאַב באַלד אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ באַראַטונג. אַזאַ פאַרראַט האָט ניט געטאָרט איבערגעלאָזט ווערן אָן אַ געהעריקער באַצאָלונג.

אויף דורכצופירן די שטראָף האָט דער קאָמאַנדיר באַשטימט אַ גרו־פּע פון 25 בראַווע יאַטן מיט זײַן ברודער עשהאל בראש.

אין אַ געוויסער נאַכט זענען די חברה אַראָפּגעקומען אין כוטאָר, אַרומגערינגלט די שטוב און אָנגעקלאַפּט אין טיר. ווען בעלאָוס האָט געעפנט און דערזען בעלסקיס מענטשן האָט ער שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זײַן סוף. אין געציילטע מינוטן האָט קיינער פון זײַן משפחה מער ניט געאָטעמט. נאָך דעם האָבן די חברה געמאַכט די ברכה בורא מאורי האש איבער דער שטוב מיט דעם גאַנצן פאַרמעגן פון דעם פאַר־רעטער. טוביה בעלסקי האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל קיין זאַך ניט נעמען, אַלץ זאָל אַוועקגעלאָזט ווערן מיטן פײַער צוזאַמען מיט זייערע טריפענע



ביוראָען־הויז פון ווילנער יודענראַט אין בנין פון דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע



געטאָ ווילנע.ביים געטאָ־טויער בעת דער אַקציע פון די געלע שיינען



לייב אָרזשעכאָווסקי
(„לייבקע קאַצאַפּ")



טוביה בעלסקי

גופים. איינער פון די חברה האָט באַוויזן איבערצובײַטן זײַן אַלטן מאַנטל. אַרײַנשטעקנדיק די האַנט אין קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ בריוו וואָס דער געביטס־קאָמיסאַר פון נאָוואָגרודעק טראַוב האָט געשיקט צו בעלאַוסן, ווו ער דאַנקט אים פאַר זײַן לאָיאַליטעט צו דער דײַטשער מאַכט און האָפט, אַז אַלע אַנדערע פון זײַנע שכנים וועלן נאָכטאָן זײַן בײַשפּיל.

פאַרן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ האָבן חברה איבערגעלאָזט אַ צעטל, אין וועלכן עס איז געווען אַ וואָרענונג צו די אַלע וועלכע וועלן מיטאַרבעטן מיט די דײַטשע אָקופּאַנטן.

דער דאָזיקער נקמה־אַקט האָט אַרויסגערופן דעם געוווּנטשענעם אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער געגנט און אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די פּויערים. די דײַטשן האָבן באַשטימט אַ פּרײַז פון 100 טויזנט רובל פאַר טוביה בעלסקיס קאָפּ.

20

## געפֿאַלן אין ניט־גלײַכן קאַמף

בעלסקיס אָטריאַד איז געוואָרן אַ מקום־מיקלט פֿאַר אַלע — אָן אויסנאַם — װעמען ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו ראַטעווען פֿון די אַרו־מיקע געטאָס.

פֿיר װאָכן נאָך מײַן קומען אין וואַלד האָט שוין די מחנה געציילט 600 ייִדן: מענער, פֿרויען און קינדער. פֿאַר אַזאַ היפּש געזינדל האָט מען געמוזט יעדע נאַכט אַרויסשיקן מערער גרופּעס אויף ווירטשאַפֿט־לעכע אויפֿגאַבעס און מיט דער באַשפּײַזונג איז געוואָרן שווערער מיט יעדן טאָג. די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן געקוקט קרום אויף בעלסקין, וואָס ער זאַמלט צונויף אַזוי פֿיל אומבאַוואָפֿנטע מענער און פֿרויען פֿאַר וועלכע מען דאַרף באַזאָרגן שפּײַז, און דאָס — האָבן זיי געהאַלטן — איז אַ לאַסט פֿאַר זיי. — מיר איז אויסגעקומען צוויי מאָל אין יענער צײַט אָנטייל צו נעמען אין אַ גרופּע, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין די דער־פֿער נאָך שפּײַז. דאָס האָט מיר געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו איבער־צײַגן ווי ווײַט רוסישע און ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן אַרויסגעוויזן אָפֿענע שׂינאה צו בעלסקיס פּאַרטיזאַנער. אונדזערע לעבנס זענען געווען באַדראָט אויך פֿון די מיט וועמען מיר האָבן, האַנט בײַ האַנט, געקעמפֿט קעגן געמיינזאַמען שׂונא.

אויך צווישן טוביהס מקורבים זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוווט אויסאיבן אויף אים אַ דרוק, אַז ער זאָל ניט אויפֿנעמען אַזוי פֿיל מענטשן. זייער טענה איז געווען, אַז דער גרויסער שטראָם פֿון ניט־באַוואָפֿנטע מענער, פֿרויען און קינדער קאָן, חלילה, ברענגען אַן אומ־

גליק אויף דער מחנה... נאָך אַ מאָטיוו האָבן זיי אַרויסגעבראַכט — עס וועט ניט קלעקן קיין עסן פאַר נאָך מענטשן.

טוביה בעלסקי האָט זיך אָבער ניט געלאָזט באַאײַנפלוסן פון קיינעם און ער האָט זיי גוטמוטיק געענטפערט:

— וואָס זאָרגט איר אַזוי וועגן עסן, זאָלן די פויערים זאָרגן. מיר וועלן נעמען בײַ זיי עסן וויפל מען דאַרף, זאָלן נאָר קומען וואָס מער ייִדן.

*

אין מיליטערישן שפּיטאָל אין לידע האָבן געאַרבעט צוויי בחורים פון געטאָ, האָבן בעלסקיס שליחים מיט זיי זיך פאַרשטענדיקט און גע־האָלפן זיי אויסנוצן אַ געלעגנהייט און אַ „נעם טאָן" די אמתע פּאַרציע פון פאַרשידענע מעדיקאַמענטן און אַנטלויפן אין וואַלד. האָבן מיר שוין אויף דער באַזע געהאַט די נייטיקע מעדיצינישע הילף. אויף אַן ענלעכן אופן האָט מען געבראַכט אַ דענטיסטין פון לידע מיט דער באָרמאַשין און מיט אַלע אירע מכשירים. אויך אַ ראַדיאָ מיט באַטעריעס האָט מען געבראַכט פון לידע.

אויף דער באַזע פון דער „אַלטער הוטע" זענען מיר געזעסן 6 וואָכן. סײַ די אויסשפּירערס און סײַ די פּאָסטנס אויף די ראַנדן פון וואַלד האָבן אין אַ געוויסן טאָג באַמערקט אַ פאַרדעכטיקטע באַוועגונג אין דער נאָענט פון וואַלד. האָבן מיר בײַ נאַכט פאַרלאָזן די באַזע און אַריבער אין אַ וואַלד אין דער געגנט פון זשוראַוועלניק. אָבער פאַר דער צײַט זענען צוגעקו־מען נאָך 100 מענטשן, זענען מיר שוין געוואָרן אַ געזינדל פון 700 נפשות. דאָ האָבן מיר דורכגעמאַכט אַ פּלוצעמדיקע אָבלאַווע פון דײַטשן און ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן, בעת וועלכער עס זענען געפאַלן אַרום צען פון אונדזערע מענער און פרויען.

די דאָזיקע באַזע האָט מען לכתחילה אויסגעקליבן בלויז אויף איי־ניקע טעג, ווײַל דער וואַלד איז געווען נאָענט פון שאָסייוועג, אויף וועלכן עס האָבן זיך כסדר באַוועגט דײַטשע מיליטערישע אויטאָמאָבילן און נאָענט פון דערפער — דאָס אַלץ צוזאַמען איז געווען אַ גרויסער חסרון

פאַר אַ באַזע. אָבער אַזוי ווי עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען גלײַך אַ „גוטן״ וואַלד, זענען מיר געבליבן זיצן אויף דער באַזע לענגער. מיר האָבן באַקומען אַ שטרענגע פאַראָרדענונג: ניט ריידן הויך און ניט אָנצינדן קיין שפּײַטערס אין די אָוונטן.

בײַ נאַכט זענען גרופּעס געגאַנגען אויף „באַמביאָשקעס״, פאַר טאָג זענען זיי בשלום געקומען צוריק. אין דער פרי האָט מען געטיילט די געבראַכטע פּראָדוקטן. אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג נאָך טעג, ביז עס זענען אַריבער צוויי וואָכן. פאַר דער צײַט האָט מען זיך „אַרויפגעאַרבעט״ אויף עטלעכע אייגענע פערד און וואָגנס פאַר די ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבעס, פאַר די אויסשפּירערס און פאַר די קאָמאַנדירן.

אין איינעם אַ פאַרטאָג איז אויסגעבראָכן אַ מהומה אויף דער באַזע. דאָס איז געווען אין מײַ 1943. יענע נאַכט בין איך געשטאַנען אויף דער וואַך אויף איינער פון די שמאָלע סטעזשקעס, אַ האַלבן קילאָמעטער פון דער באַזע. פיר זאַלפן האָבן פּלוצעם אויפגערודערט די נאַכטשטילקייט. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז עס דראָט אַ סכּנה. פון דער באַזע האָט זיך דערטראָגן דער אַלאַרעם־רוף צו גרייטקייט. די אויסשפּירערס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון „סעקרעט״, וואָס האָט אָפּגעגעבן די פיר וואָרענונג־שאָסן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך שוין איינער פון די אויסשפּירערס צוריקגעקערט צו דער באַזע און לויפנדיק פאַרבײַ מיר אויסגערופן: „זײַ גרייט!״.

איך האָב געוואַרט, אָבער קיינער איז ניט געקומען מיך אַראָפּנעמען פון פּאָסטן. אָן אַ באַפעל האָב איך ניט געטאָרט זיך רירן פון אָרט. ווען כ׳האָב דערזען, אַז אונדזערע מענטשן טרעטן אָפּ צום וואַלד, האָב איך זיך געלאָזט לויפן צו דער באַזע. כ׳האָב אָנגעטראָפן אויף איינעם פון אונדזערע קאָמאַנדירן און ער האָט מיר אָנגעוויזן אין וועלכער ריכטונג צו אַנטלויפן.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אין מײַן רוקזאַק! ניט אָפּגעבנדיק זיך בעת־מעשׂה קיין חשבון וועגן דער געפאַר, בין איך שנעל אַרויפגעלאָפן אויף דער באַזע און צוגעלאָפן צו מײַן בײַדל, אַ כאַפּ

געטאָן מײַן רוקזאַק און געצויגן צוריק, וויפל כּוח איך האָב פאַרמאָגט. עס האָט געפעלט אַ האָר, איך זאָל פאַרשפּילן מײַן לעבן צוליב דעם רוקזאַק, אין וועלכן איך האָב געהאַט דרײַ פּאָר וועש, וואָס איך האָב מיטגענומען פון געטאָ.

נאָך איידער איך בין צוגעלאָפן צום וואַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראדיקע שיסערײַ. אין וואַלד האָב איך ניט געקאָנט זיך אָריענטירן בעת־מעשׂה, פון וועלכער זײַט עס פליִען די קוילן און אין וועלכער ריכטונג צו אַנטלויפן, כּדי ניט אָנצושטויסן זיך אויפן שׂונא. דער קאָמאַנדיר האָט צונויפגענומען אַלע קאָמפּאַניעס, באַוואָפנטע מענער און זיי אַרויסגעפירט צום ראַנד פון וואַלד, צו באַגעגענען דעם שׂונא מיט פײַער. די 700 נפשות — בעיקר עלטערע מענער, פרויען און קינדער — האָט ער באַפוילן זיך צעשפּרייטן איבערן וואַלד אין קלענערע גרופּעס, כּדי אויסצומײַדן קרבנות אין פאַל פון אַן אַרטילעריע־באָמבאַרדירונג.

אַ היפּשע צײַט איז אָנגעגאַנגען די קעגנזײַטיקע שיסערײַ. דאָס פײַפן פון די קוילן האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן וואַלד און אָנגעוואָרפן אַ שרעק. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָבן די דײַטשן געמיינט, אַז מיר זענען אַ גרויסער כּוח, האָבן זיי פאַרקערעוועט אין אַ צווייטער ריכטונג און די שיסערײַ איז ביסלעכווײַז אײַנגעשטילט געוואָרן. דאַן האָבן מיר, אין קלענערע גרופּעס, געשטעלט פיס פון איין וואַלד אין אַנדערן, כּדי קודם־כּל צו זײַן ווײַטער פון דער אָבלאַווע.

דער רעזולטאַט איז געווען זייער אַ ווייטיקדיקער. צען פּערזאָן זענען געפאַלן אין יענער אָבלאַווע. מען קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן פאַרהעלטעניסמעסיק נאָך גוט אָפּגעשניטן. ווען ניט די פיר בראַווע יאַטן, וואָס זענען געשטאַנען אויף זייער פּאָסטן לעבן שאָסייוועג, וואָלטן געווען פיל מערער קרבנות. זיי האָבן אָפּגעגעבן די 4 שאָסן, כּדי אונדז צו וואָרענען, ווען זיי האָבן דערזען פון זייער באַהעלטעניש ווי דײַטשן און פּאָליציאַנטן רינגלען אַרום אונדזער באַזע. זיי האָבן זיך דעמאַסקירט און אויפגענומען דעם ערשטן פײַער פון די אָנגרײַפנדיקע דײַטשן אויף זיך און געפאַלן אין ניט־גלײַכן קאַמף.

איינער פון אונדזערע פּאַרטיזאַנער, ליפּע, האָט ניט באַוויזן צו אַנטלויפן. ווען ער האָט דערזען פון ווײַטן ווי דײַטשן פאַרנעמען אונדזער באַזע, איז ער שנעל אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן בוים און איז פאַרבליבן אויף אים אַזוי לאַנג ווי די דײַטשן האָבן צוגענומען אַלץ פון דער באַזע און געזען ווי זיי האָבן פאַרברענט די בײַדלעך. ס׳האָט געפעלט אַ האָר זיי זאָלן אים באַמערקן און ער וואָלט אַרײַנגעפאַלן אַ לעבעדיקער צו זיי אין די הענט.

די דײַטשן האָבן פאַרכאַפּט אונדזערע פערד און וועגענער, אויף וועלכע מיר האָבן זיך לעצטנס אַרויפגעאַרבעט, און אויך צוויי בהמות וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט געקוילעט. צו זיי אין די הענט איז אַרײַנגעפאַלן דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט, די דענטיסטישע מכשירים און די באָרמאַשין.

פיל פון אונדז האָבן אין דער בהלה ניט באַוויזן מיטצונעמען זייערע רוקזעק מיט די סאַמע נייטיקסטע זאַכן, זענען זיי מיט אַ מאָל געבליבן מיט דעם וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך און באַלד ניט געהאַט אַ העמד איבערצובײַטן. אָט דאַן האָט מײַן גראַטעוועטער רוקזאַק זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן נוצלעך ניט נאָר פאַר מיר, נאָר אויך פאַר אַ פּאָר אַנדערע, מיט וועמען איך האָב געטיילט מײַנע דרײַ פּאָר וועש.

21

# אויף צו להכעיס די גויִים

נאָך דער אָבלאַווע אין זשוראַווועלניק האָט גענומען אַ פּאָר טעג ביז אַלע גרופּעס האָבן זיך צוריק פאַראייניקט און אויפגעשטעלט אַ נײַע באַזע אין יאַסינאָווער וואַלד. אויף אָט דער באַזע האָט בעלסקיס מחנה איבערגעלעבט אַ פײַנלעכע דערפאַרונג, וואָס האָט באַוויזן דאָס העסלעכע אַנטיסעמיטישע פּנים פון דער העכערער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער־אָנפירונג.

מיט אַ צײַט פריִער האָט טוביה בעלסקי געשלאָסן שותפות מיט אַ רוסישן לייטענאַנט, וויקטאָר פּאַנטשענקאָ, און מען האָט אַ געוויסע צײַט אָפּערירט צוזאַמען, ווי שוין דערמאָנט, אונטערן נאָמען: „אָטריאַד אָרדזשאָניקידזע". שפּעטער האָט זיך טוביה אָנגעשטויסן אויף אַ פײַנט־לעכער באַציִונג מצד אָט דעם וויקטאָר פּאַנטשענקאָ און אַנדערע רוסישע קאָמאַנדירן. זיי האָבן מיט אַ מאָל אָנגעהויבן זוכן חטאים אויף בעלסקיס מחנה. זיי האָט, ווײַזט אויס, געשטאָכן אין די אויגן, וואָס די בעלסקיס זאַמלען צונויף די שוצלאָזע ייִדן, סײַ מענער, סײַ פרויען. פאַרשטייט זיך, אַז הינטער דעם אַלעמען האָט געשטעקט אַ היפּש ביסל אַנטיסעמיטיזם. די ייִדישע מחנה איז זיי געשטאַנען ווי אַ דאָרן אין אויג און זיי האָבן געזוכט תּירוצים בעלסקין אַרויסצושטופּן פון דעם פּאַרטיזאַנער־ראַיאָן.

לאַנג איז טאַקע ניט אויסגעקומען צו וואַרטן. אין אַ געוויסן טאָג זענען וויקטאָר מיט נאָך אייניקע רוסן פון דער העכערער אָנפירונג גע־קומען צו טוביהן און אים געמאָלדן, אַז אויף ווײַטער וועלן קאָנען פאַר־בלײַבן אין ראַיאָן נאָר די באַוואָפנטע און קאַמפּספּעציקע מענער; אַלע אי־

בעריקע: ניט־באַוואָפּנטע מענער, פרויען און קינדער מוזן אַוועקגיין אין פּושטשע.

אין ערשטן מאָמענט האָט די דאָזיקע בשורה געמאַכט אויף טוביהן אַ שווערן רושם. ער האָט דערפילט דעם ווייטיק זייער טיף. וויפל מי און געפאַרן איז מען אַדורך איידער דער אָטריאַד האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ ביסל וואָפן, איז געקומען דער נעכטיקער כּלומרשט גוטער פרײַנד טוביהס און נעמט אַוועק דעם גרעסטן טייל וואָפן און די בעסטע קאָמפּספּעציקע חברה פון דער מחנה. מען האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפן, די מאַכט איז געלעגן אין זייערע הענט.

האָבן די רוסן געהייסן אונדז אויסשטעלן זיך אין אַ ריי און האָבן אויסגעקליבן בײַ אַכציק פון די בעסטע חברה, מיט געווער, און זיי צוגעטיילט צו וויקטאָרס גרופּע. אָבער אַ צענדליק פון די אָפּגעקליבענע האָבן בעסער געוואָלט בלײַבן מיט טוביהן און זיי האָבן באַלד אויפן אָרט זיך אָפּגעטיילט פון וויקטאָרן, ניט וועלנדיק זיך צעשיידן מיט זייערע ברידער און שוועסטער. די צוויי פּולעמיאָטן זענען געבליבן בײַ בעלסקין.

אין אַ ווײַלע אַרום איז טוביה געקומען צו זיך פונעם שאָק און האָט זיך אָפּגערופן צו זײַנע מענטשן:

— חברים, ניט געדאגהט, מיר וועלן שאַפן אַנדער געווער און נאָך פיל מער. דער אָטריאַד וועט פאַרגרעסערט ווערן מיט נאָך ייִדן, אויף צו להכעיס די גויִים. זאָרגט אײַך ניט, איך גיי מיט אײַך צוזאַמען. מיר וועלן נאָך ווײַזן די גויִים, וואָס ייִדן קאָנען אויפטאָן.

געוויס האָט טוביה בעלסקי דאַן קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז זײַנע ווערטער וועלן טאַקע אויף אַן אמת מיט אַ צײַט שפּעטער פאַרווירקלעכט ווערן און אַז זײַן אָטריאַד וועט ווערן באַרימט אין דער גאַנצער לענג און ברייט פון פּאַרטיזאַנישן ראַיאָן, מיט וויכטיקע אויפטוען וואָס האָבן געבראַכט נוצן ניט נאָר זײַן אייגענעם גרויסן אָטריאַד, נאָר אויך פאַר אַ סך רוסישע אָטריאַדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין ראַיאָן פון דער פּושטשע. נאָך דעם ווי די אָפּגעקליבענע ייִדישע פּאַרטיזאַנער זענען אַוועק מיט וויקטאָרן האָט טוביה אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם אָטריאַד

אַוועקצוגיין אין פּושטשע. זײַן ברודער זוסיע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען צוזאַמען מיט די איבעריקע ברידער, איז געבליבן בײַ וויקטאָרן. וויקטאָר האָט אים באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פון אַ גרופּע רײַטערס און ער איז דאָרט פאַרבליבן ביז דער באַפרײַונג.

טוביה בעלסקי האָט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט זײַן שטאַב, אויף וועלכער עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון איבערגיין אין נאַליבאָקער פּושטשע. די וויכטיקסטע פראַגע איז געווען: פאַרגרייטן אַ זאַפּאַס שפּײַז, מיטצונעמען אין פּושטשע, וואָס זאָל קלעקן אויף דער ערשטער צײַט. מיר האָבן געוווּסט, אַז אין פּושטשע וועט מיט שפּײַז זײַן פיל ערגער ווי אין אונדזער ראַיאָן. דאָ זענען די דערפער נאָענט פון וואַלד, און איבער נאַכט דורכפירן אַ ווירטשאַפטלעכע אָפּעראַציע איז פון די לײַכטסטע זאַכן. דאָרט ריינגלען אַרום דעם וואַלד זומפּן און טיפע בלאָטעס, די וועגן זענען זייער שלעכטע און דאָס אַלץ באַשווערט צו באַוועגן זיך מיט פערד־און־וואָגן. אויף דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן וואָס מער גרופּעס אויף צוצוגרייטן עסנוואַרג. קיין פערד און וועגענער האָבן מיר שוין ניט געהאַט נאָך דער אָבלאַווע, האָט מען געמוזט אָנהייבן דעראָבערן אַלץ פון דאָס נײַ. במשך דרײַ וואָכן זענען יעדע נאַכט אַרויסגעשיקט געוואָרן 2—3 גרופּעס אין פאַרשידענע דערפער צו מאַכן „באָמביאָשקעס". אויב מען איז זיך פריִער נוהג געווען צו באַרגן בײַ אַ פּויער אַ פערד־און־וואָגן, וועלכע מען האָט אים צוריק־געבראַכט נאָכן אויסלאָדן אויפן באַזע די פּראָדוקטן, האָט מען שוין איצט פאַר יעדן פרײַז געמוזט נעמען פערד און וועגענער צוזאַמען מיט די פּראָדוקטן. דורך די פאַר וואָכן האָבן די חברה באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַ היפּשן זאַפּאַס מיט כּל־מיני עסנוואַרג. יעדע גרופּע איז געקומען מיט פערד־און־וואָגן, פול מיט פּראָדוקטן, און צום וואָגן אַנגעבונדן אַ פּאָר בהמות. מען האָט ניט בראַקירט אַפילו מיט אַ קעלבל. ס'האָט זיך שוין גע־פונען פאַרן קעלבל אַן אָרט אין וואָגן.

ביז דער נאַליבאָקער פּושטשע האָבן מיר געהאַט דורכצומאַכן אַרי־בער הונדערט קילאָמעטער, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געדאַרפט גיין מיט

אומוועגן האָט עס אויסגעמאַכט אַ סך מער. חוץ דעם איז אונדז פאַרגע־שטאַנען דאָס אַריבערפראַוועט זיך איבער דעם ניעמאַן און דעם טײַך בעריאָזאַ. ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די באַזע און איך האָב געכאַפּט אַ בליק, ווי ווײַט דאָס אויג האָט געגרייכט, אויף דער פּאַנאָראַמע פון אונדזער מחנה, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אַזוי האָט מסתמא באַדאַרפט אויסזען דאָס בילד פון יציאת־מצרים... 700 ייִדן, צווישן זיי אַ היפּשע צאָל עלטערע מענער און שוואַכע פרויען מיט קליינע קינדער לאָזן זיך אַוועק אין אַן אומבאַקאַנטן וועג, ווו אויף יעדן טראָט דראָט די סכּנה אָנצושטויסן זיך אויף דײַטשן און ווײַסרוסישע פּאָליציי. אָבער, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זײַן — מיר האָבן ניט געפילט קיין שרעק. אונ־טערן שוץ פון קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי און זײַן ברודער עשהאל און די פּאָר צענדליק באַוואָפנטע חברה האָבן מיר זיך געפילט זיכער.

נאָך אַ לאַנגן מאַרש זענען מיר צוגעקומען צום ניעמאַן. די רוסישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן האָבן געהאַט אַן אייגענעם פּאַראָם בײַם ניע־מאַן, וועלכן זיי פלעגן, נאָכן באַנוצן זיך מיט אים, אַרויפנעמען אויפן ברעג, די דײַטשן זאָלן אים ניט פאַרכאַפּן. געדענק איך ניט, צי מיר האָבן זיך באַנוצט מיט אָט דעם פּאַראָם צי מיט אַן אַנדערן. אָבער די דאָזיקע „פּערעפּראַווע״ — פון אַזאַ צאָל מענטשן און, להבדיל, אַ פּאָר צענדליק פערד און וועגענער, מיט בהמות, האָט פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג.

דאָס אַרויפגיין אויפן פּאַראָם איז פאָרגעקומען לויט אַ סדר, אונטער דער שוץ פונעם קאָמאַנדיר און די באַוואָפנטע חברה.

ווען מיר זענען נאָך טעג און נעכט פון אַן אויסמאַטערנדיקן וועג ענדלעך צוגעקומען צום טײַך בעריאָזאַ האָבן מיר זיך באַלד דערפילט אין קלעם. קיין פּאַראָם איז דאָ ניט געווען און מיר האָבן באַדאַרפט אָנקומען צו פּויערים; קוים מיט צרות האָבן מיר געפונען אַ פּאָר פּויע־רים מיט שיפלעך און אין די פּאָר שיפלעך האָט מען דאָס געדאַרפט אַריבערפירן אַזאַ געזינדל. נאָך געווען אַ גליק, וואָס אין דעם אָרט איז געווען דער טײַך פלאַך, האָבן די פערד און וועגענער געקאָנט ווי עס איז אַריבער. אויך דאָ האָט דאָס פאָרסירן דעם טײַך געדויערט אַ גאַנצן טאָג.

ביז שפּעט בײַ נאַכט און אונדז איז באַשערט געווען דורכצולעבן אַ ביסל שרעק און פאַרלירן אַ יונגן בחור.

עס איז אַזוי געווען: די פּויערים פון די שיפּלעך האָבן דערציילט, אַז פון צײַט צו צײַט קומען אַהער דײַטשן און פּאָליציי. אַז דער עולם האָט עס דערהערט, איז מען געוואָרן אַ ביסל נערוועז, יעדער האָט גע־וואָלט זײַן וואָס פריִער אויף יענער זײַט. לעבן מיר זענען געשטאַנען אַ יונגער בחור מיט זײַן שוועסטער, דאַכט מיר פון לידע. דער ברודער האָט ניט געוואָלט וואַרטן אויף זיין ריי און זיך געלאָזט שווימען איבערן טײַך. ווען ער איז שוין געווען ניט ווײַט פון צווייטן ברעג האָט ער פאַרלוירן די כּוחות און איז דערטרונקען געוואָרן. די שוועסטער האָט אים געוואָרנט, ניט געלאָזט אים גיין אין וואַסער, ער האָט זי אָבער ניט געהערט. זי איז געווען דערשיטערט פון איר אומגליק, אָבער מיט וואָס האָבן מיר זי געקאָנט טרייסטן?

אַז מיר זענען שוין אַלע געווען אויף יענער זײַט האָבן מיר פרײַ אָפּגעאָטעמט. מיר זענען שוין, הייסט עס, אויפן שטח פון דער פּושטשע און דאָס האָט געמיינט: אַ קלענערע געפאַר אָנצושטויסן זיך אויף דײַטשן און פּאָליציי. דאָס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַן אילוזיע.

22

# אין די נאַליבאָקער ווילדענישן

די נאַליבאָקער וועלדער פאַרנעמען אַ שטח פון 400 קוואַדראַט־קילאָמעטער. אין די דרײַסיקער יאָרן האָבן די וועלדער געהערט צו די באַקאַנטע אין ווילנע וואַלד־סוחרים ברידער סאָלאָמיאַנסקי. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַנטיסעמיטישער קורס אַרויסצושטויסן די ייִדן פון זייערע אײַנגעפונדעוועטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, האָט די פּויּלישע סאַנאַציע־רעגירונג, דורך פאַרשידענע גזירות, בײַ זיי פּראָסט־און־פּשוט צוגעזלט דעם גרויסן פאַרמעגן.

ווען די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין מערב־ווײַסרוסלאַנד האָט זיך צעוואַקסן און עס איז געוואָרן ענג אין די קלענערע וועלדער, איז די נאַליבאָקער פּושטשע געוואָרן דאָס זיצאָרט פון צענדליקער אָטריאַדן און בריגאַדעס, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט אַ צענטראַלער שטאַב מיטן רוסישן גענעראַל פּלאַטאָן בראָש.

אַזוי נאָר ווי מיר האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אויפן באָדן פון דער פּושטשע, האָבן מיר דערפילט גאָר אַן אַנדער „לופט״. אַ זיכערקייט, ווי אין אַן אייגענער פּאַרטיזאַנישער מלוכה... און כּדי צו דעמאַנסטרירן די דאָזיקע זיכערקייט האָבן חברה תּיכּף פאַרצויגן אַ טאָן, און באַלד איז אַוועק אַ געזאַנג וואָס האָט זיך צעטראָגן און אָפּגעהילכט ווײַט, ווײַט אין די וועלדער. וואָס איינער האָט געקענט איז געווען אַ סחורה — אַ רוסיש ליד, אַ ייִדיש פאָלקסליד — מען האָט, הייסט עס, געוואָלט אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צײַט. אין די קליינע וועלדער האָבן מיר ניט נאָר ניט געטאָרט זינגען, נאָר אַפילו רעדן געמוזט אין דער שטיל.

דער זומער האָט זיך ערשט אָנגעהויבן און אויך אויף דער נשמה איז געווען זומערדיק. דורכגעגאַנגען אַזוי פיל געפאַרן, מען איז צווישן יידן, דאָס געפיל אַז מען איז דאָ זיכערער האָט צוגעגעבן שטימונג און מיר האָבן פאַרגעסן פון דער מידקייט.

די ערשטע באַזע האָבן מיר אויפגעשטעלט בײַם ברעג פון טײַך קראָ־מאַן, אַ פּאָר צענדליק קילאָמעטער פון שטעטל נאַליבאָק. אָט דאָ האָבן חברה געקראָגן חשק אײַנצואָרדענען זיך מיט באַקוועמערע בײַדלעך. וואָס איז, עס פעלן דען ביימער, מען וועט דאָך דאָ דאַרפן זײַן דעם גאַנצן זומער און מען וועט שוין ניט דאַרפן בײַטן אַלע ווײַלע די באַזעס. צו גלײַך מיט די באַקוועמערע בײַדלעך האָט מען שוין געמוזט מאַכן אַ דאָך פאַר די געבראַכטע פּראָדוקטן, צו שיצן זיי פון רעגן. הכלל, מען האָט זיך פאַר־נומען צו זיצן דאָ ביז ווינטער ; הײַנט גיי וויים, אַז מיט דרײַ וואָכן שפּע־טער וועלן מיר דאַרפן פון דאַנען לויפן, און נאָך ווי אַזוי, ווי נאָך קיין מאָל ניט ביז אַהער.

מיטן אַריבערגיין אין דער פּושטשע איז גלײַכצײַטיק אַרײַנגעקומען אַן אַנדער סדר אין דער באַשפּײַזונג פאַר דער גאַנצער מחנה.

אַזוי ווי דאָס ברענגען שפּײַז איז אָנגעקומען זייער שווער האָט מען געמוזט אָנווענדן אַ ווײַטגייענדיקע עקאָנאָמיע פון פּראָדוקטן. האָט דער קאָמאַנדיר באַשלאָסן מען זאָל מאַכן אַן אַלגעמיינע קיך פאַרן גאַנצן אָט־ריאַד, ווי עס איז דאַן געווען אײַנגעפירט אין אַלע אַנדערע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין פּושטשע. דערבײַ האָבן מיר אין אַ דאָרף געפונען 2 גרויסע אײַזערנע קעסלען, וואָס די סאָוועטישע אַרמיי האָט משמעות איבערגעלאָזט בעתן אָפּטרעטן. האָט דער קאָמאַנדיר גע־הייסן די דאָזיקע קעסלען מיטנעמען.

נו, האָט מען שוין דאַן גענדאַרפט האָבן אַ קוכער. באַלד איז דער־גאַנגען צום קאָמאַנדיר, אַז איך בין געווען דער קוכער אין לידער געטאָ־קיך, האָט ער געשיקט מיך רופן און מיך באַשטימט פאַר דעם קוכער פון דער אַלגעמיינער קיך.

איך האָב די דאָזיקע באַשטימונג אָנגענומען מיט אַן אָנגענעמען גע־

פיל, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז בײַ די פּרימיטיווע וואַלד־באַדינגונגען וועט דאָס זײַן גאָר ניט קיין לײַכטע אַרבעט, איך האָב אָבער געפילט זיך גליקלעך צו דינען מיט עפּעס דעם אָטריאַד, און אויב איך האָב עס גע־קאָנט טאָן ווי אַ קוכער, איז מיר אוודאי ליב געווען, ווי שווער די דאָזיקע אַרבעט זאָל ניט געווען זײַן.

גאָר אומגעריכט איז מיר באַשערט געווען צו ווערן „פּאָפּולער" אין אָטריאַד, פּונקט ווי בשעתו אין לידער געטאָ, ווען איך בין געוואָרן דער „קוכאַר" פון דער געטאָקיך. דעם ערשטן טאָג האָבן מיך אַלע שוין גערופן בײַם נאָמען, בעת פריִער האָבן מיך, מערסטנס, געקענט דאָ בלויז די לידער. אַזוי בין איך שוין פאַרבליבן דער הויפּטקוכער ביזן לעצטן טאָג, ביז דער באַפרײַונג.

מײַן אַרבעט האָט אויסגעזען אַזוי: די קעסלען האָט מען אויפגעהאָנ־גען אויף קייטן צווישן צווייביימער, אונטער די קעסלען — דאָס פײַער, און אַ געדיכטער רויך האָט געשפּאַרט אויף מיר און געגעסן מײַנע אויגן, אָבער איך האָב ניט געקאָנט אויף אַ מינוט אָפּטרעטן פון קעסל און כסדר געמישט מיט אַ גרויסער לאָפּעטע, כּדי דאָס עסן זאָל ניט צוברענען צום דעק. די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום און זיך צוגעקוקט, האָבן מיך באַוווּנדערט, ווי אַזוי איך האָב געקאָנט אויסהאַלטן, שטייענדיק כסדר בײַם העלישן פײַער און שטיקנדיקן רויך. יאָ, עס איז מיר טאַקע געווען גענוג ביטער אין די אויגן צוליבן רויך, און דער שווייס האָט זיך געגאָסן פון מיר טײַכנווײַז, אָבער דאָך איז מיר געווען פיל לײַכטער אויסצוהאַלטן ווי אין קיך פון לידער געטאָ, אַבי איך האָב ניט געהאַט איבער זיך די אַנטיסעמיטישע באַלעבאָסטע.

איך האָב געדאַרפט קאָכן דרײַ מאָל אַ טאָג און אַזוי פיל מאָל צעטיילן דאָס עסן. נאַטירלעך, איך האָב געהאַט גענוג געהילפן. גראָד דאָס צעטיילן איז געווען די סאַמע אומדאַנקבאַרסטע אַרבעט. דער עולם פלעגט זיך קוים דערוואַרטן אויף דער פאַרציע זופּ, וואָס איז באַשטאַנען פון צעשניטענע שטיקלעך פלייש, גרויפּן און קאַרטאָפל (אויב ס'איז ניט געווען קיין גרויפּן, איז געווען רעכט גאַנצע ווייץ). נו, איז יעדער געווען להוט אַרײַנצוקריגן

אַ געדיכטערע פּאָרציע, פון וואָס מען זאָל קאָנען שטילן דעם הונגער ביז דער קומענדיקער פּאָרציע זופּ... וועגן ברויט האָט מען בלויז געחלומט. פלעגט מיר אויסקומען צו הערן אַזאַ פּזמון פון די שטייענדיקע אין דער ריי: „נו, לייזער, מאַכט אַ נורקע". דאָס איז געווען אַן אָנדײַטונג, אַז כ'זאָל אַרונטערלאָזן דעם שעפּער טיפער אין קעסל.

מיר האָבן דאַן גאָר נישקשהדיק צוגעהונגערט. אָבער דאָס געפיל אַז מען איז געווען פאָרט זיכערער מיטן לעבן האָט שוין פאַרגיטיקט פאַר אַלץ. אויך האָט מען אַ ליאַדע טאָג דערוואַרט אַז עשהאל בעלסקי זאָל אָנקומען מיט אַ גרויסן טראַנספּאָרט שפּײַז, האָט מען געהאָפט אַז מיט דער באַשפּײַזונג וועט אויף להבא אויך ווערן בעסער.

אַ גאַנצן טאָג איז יעדער איינער, סײַ די מענער, סײַ די פרויען געווען מיט עפּעס פאַרנומען: בײַ די פאַרשידענע אַרבעטן אַרום די בײַדלעך, אויף די פּאָסטנס, בײַ דער קיך. אָבער ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט מען דאַן דערפילט וואָס דאָס מיינט — זיך געפינען אין פּושטשע.

לאַנגע זומערדיקע טעג. בײַ טאָג איז מען געווען מיט עפּעס פאַר־נומען און דערבײַ געהאַלטן אין זינען די דערוואַרטע פּאָרציע זופּ. דער אַראָמאַט פון די סאָסנע־ביימער און די פרישע וואַלדלופט האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אַפּעטיט. אַז עס איז אָבער צוגעפאַלן די נאַכט, האָט זיך דער גאַנצער לאַגער פאַרוואַנדלט אין אַ געזאַנג־פעסטיוואַל. די מענטשן פון שכנותדיקע בײַדלעך האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ קרײַז, אויפגעלייגט אַ פײַער פון טרוקענע צווײַגלעך, און דאַוואַי זינגען. בײַ נאַכט האָבן די סאָסנע־ביימער ממש פאַרשיכּורט, די פײַערן האָבן ליכטיק געמאַכט דעם גאַנצן אַרום און שאָטנס האָבן זיך באַוועגט פון איין קרײַז זינגער צו אַ צווייטן. וואָס האָט מען ניט געזונגען? אַפילו אָפּערע־אַריעס האָבן ניט געפעלט. אויף דער באַזע האָב איך זיך צוגעטוליעט צו מײַן ווילנער בן־עיר סאַלאָמאָן טאַוב, וועלכער איז דאָ געווען מיט זײַן פרוי און זעכצן־יעריקער טאָכטער, און צו הירשל פעלדמאַן מיט זײַן פרוי אידע, וועלכע האָבן אין לידער געטאָ געוווינט ווו איך, אויף הענעך דעם געלנס הויף,

און מיר האָבן זיך שוין געקענט אַ ביסל. אַט דער הירשל פעלדמאַן און טאַובס פרוי האָבןביידע געזונגען דועטן פון אַלע קלאַסישע אָפּערעס. און מיר איז אויך ניט פרעמד קלאַסיש געזאַנג. נו, נו, אין יענע נעכט האָט זיך שוין ניט געגלוסט צו לייגן שלאָפן און אַוודאי האָט מען אין אַזעלכע נעכט פאַרגעסן פון עסן. און ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז אָט דער לעבנס־לוסטיקער און איידעלער הירשל וועט שפּעטער פאַלן אין קאַמף מיטן שונא. ער איז צוגעטיילט געווען צו דער מיניר־גרופּע און בעת איינער פון די אויפגאַבן צו מינירן די באַן־ליניעס איז ער געפאַלן. און ווער האָט אין יענע נעכט געקאָנט וויסן, אַז די דאָזיקע אידיליע וועט אָנהאַלטן אַזוי קורץ און אַז אויך דאָ וועלן מיר דאַרפן דורכגיין אַ גיהנום.

*

אַ פּאָר וואָכן נאָך אונדזער באַזעצן זיך אין פּושטשע איז אָנגעקומען עשהאל בעלסקי מיט זײַן גרופּע און געבראַכט 30 וועגענער מיט שפּײַז, אַ סך בהמות און פערד. דער עולם איז געוואָרן מונטערער. מען האָט דערזען, אַז עס איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן, מען וועט ניט דאַרפן הונ־גערן. באַלד האָבן זיך געגרייט נאָך גרופּעס אַרויסצופאָרן אויף ווירט־שאַפטלעכע אויפגאַבעס.

אין דער זעלבער צײַט אָבער האָט אין האַרץ אָנגעהויבן נאַגן אַ געפיל פון אומרו, פון מורא פאַר אַן אָבלאַווע. אין אַטריאַד האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס זענען געווען מיט אַ זומער פריִער אין ליפּעטשאַנקער פּושטשע, ווו זיי האָבן דורכגעמאַכט איינע פון די גרעסטע אָבלאַוועס אויף פּאַרטיזאַנער אין יענער צײַט, און ווען זיי פלעגן דערציילן פון יענער אָב־לאַווע איז אַרויפגעפאַלן אַ שרעק. האָט מען זיך אָנגעהויבן שרעקן, אַז אַזאַ מין אָבלאַווע זאָל זיך ניט איבערחזרן אין נאַליבאָקער פּושטשע.

די דײַטשן האָבן געוווּסט, אַז אין נאַליבאָקער פּושטשע געפינען זיך טויזנטער פּאַרטיזאַנער, גוט אָרגאַניזירטע, וועלכע טוען זיי אָן געברענטע צרות אויף די באַן־ליניעס און אויף די וועגן וואָס פירן צום פראָנט. פלעגן זיי יעדן זומער דורכפירן אין די פּושטשעס גרויסע אָבלאַוועס אויף די פּאַרטיזאַנער.



אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון טוביה בעלסקיס יידישן אָטריאַד

די דײַטשן האָבן צונויפגענומען די פֿאַררעטערישע רוסן און אוקראַי־נער, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן צוזאַמען מיט דעם סאָוועטישן גענעראַל וולאַסאָוו, ליטווינער, לעטן און עסטאָניער, זיי באַוואָפֿנט מיט אַלע מינים געווער: טאַנקן, מינען־וואַרפֿערס, אַרטילעריע, און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דײַטשע מיליטער־לײַט זיי געשיקט פֿאַרניכטן די פּאַרטיזאַנער.

קעגן אַזאַ כּוח האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך ניט געקאָנט פֿאַרמעסטן אין אָפֿענעם קאַמף, פֿלעגט מען דעריבער זיך צוריקציִען. אין פּושטשע זענען געווען ריזיקע שטחים באַדעקטע מיט זומפּן, האָט מען אָפּגעטראָטן אַהין. סײַדן אַז פּאַרטיזאַנער פֿלעגן אַרײַנפֿאַלן אין אַרומרינגלונג, האָבן זיי זיך געשטעלט אין קאַמף ביז דער לעצטער קויל, וואָס מען האָט איבערגעלאָזן פֿאַר זיך אַליין, כּדי ניט אַרײַנצופֿאַלן קיין לעבעדיקער צום שונא.

איבער דער נאַליבאָקער פּושטשע האָבן זיך צעשפּרייט צענדליקער סאָוועטישע אָטריאַדן. אויף אַלע וועגן זענען געשטאַנען פּאָסטנס און גע־היט, אַז קיין פֿרעמדער זאָל ניט אַרײַנגיין אין וואַלד. דאָ האָט זיך געפֿונען דער צענטראַלער שטאַב בראש מיטן גענעראַל פּלאַטאָן, פֿון דאַנען זענען געגאַנגען די באַפֿעלן צו אַלע פּאַרטיזאַנישע אײנהייטן אין דעם ראַיאָן, דאָ איז אויך באַשטימט געוואָרן דער פּאַראָל פֿאַר אַלע אָטריאַדן. און ווען עמעצער האָט ניט געוווּסט דעם פּאַראָל בעת אַ באַגעגעניש מיט אַ קאַמפּס־גרופּע אויף די פּאַרטיזאַנישע וועגן איז ער גלײַך אַנטוואָפֿנט געוואָרן און ניט זעלטן אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן. גלײַכצײַטיק האָט מען אויך געדאַרפֿט האָבן אַ שריפֿטלעכע דערלויבעניש פֿון אַ וועלכן עס איז שטאַב זיך צו באַוועגן איבער דער פּושטשע. ניט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ פּויער וואָס האָט זיך אַרײַנבאַקומען אין פּושטשע איז שוין צוריק אַהיים ניט געקומען. גיי דערגיי, צי אַזאַ פּויער איז ניט קיין דײַטשער שפּיאָן. האָט מען זיך מיט אים ניט צערעמאָניעט.

עס איז קוים אַריבער אַ וואָך זינט עשהאל בעלסקי מיט זײַן גרופּע האָבן געבראַכט דעם גרויסן טראַנספּאָרט שפּײַז, ווי אונדזערע אויסשפּי־רערס האָבן געבראַכט די אַלאַרמירנדיקע ידיעה, אַז די דײַטשן גרייטן

אַ גרויסע אָבלאַווע אויף נאַליבאָקער פּושטשע. די ידיעה האָט בײַ אונדז ניט אַרויסגערופן קיין פּאַניק. ביז איצט האָט מען דאָך שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ ריי אָבלאַוועס און מען איז אָפּגעקומען פאַרהעלטעניש־מעסיק מיט ווייניק קרבנות. און אין פּושטשע געפינען זיך דאָך פּאַרט צענדליקער טויזנטער פּאַרטיזאַנער מיט אַ צענטראַלער קאָמאַנדשאַפט, וועלן שוין אונדזער קאָמאַנדיר בעלסקי און זײַן שטאַב־נאַטשאַלניק לאַזאַר מאַלבין זיכער שטיין אין קאָנטאַקט מיטן צענטראַלן שטאַב.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

ניט אַלע האָבן, פאַרשטייט זיך, געוווּסט די ערשטע טעג גענויע פּרטים. עס איז אָבער גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויפן באַזאָרגטן פּנים פון קאָמאַנדיר, אויף די פּנימער פון זײַנע געהילפן און מען האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז גענוג ביטער. די אויסשפּירערס זענען כסדר געלאָפן אויף זייערע פערד פון דער באַזע צום צענטראַלן שטאַב און צו־ריק — אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן מיר שוין אַלע געוווּסט, אַז מיר שטייען פאַר אַ גרויסן נסיון.

האָט דער קאָמאַנדיר פאַרזאַמלט דעם גאַנצן עולם נאָך זײַן קומען פון גענעראַל פּלאַטאָן און איבערגעגעבן, אַז 100 מענטשן דאַרפן גלײַך גיין העלפן זעגן ביימער און פאַרלייגן די וועגן אין דער נאָענט פון וואַלד, דער שונא זאָל זיך אַזוי שנעל ניט קאָנען באַוועגן. אַ גרופּע באַוואָפנטע האָט געפאָדערט גענעראַל פּלאַטאָן אין רשות פון זײַן שטאַב.

מיט אונדז זענען געווען צוויי חברים — מאַכליס און עקיבא. דער ערשטער איז געווען פון באַרוף אַ לערער, אָבער ער האָט אַ גרויסע צײַט געאַרבעט בײַ די אייגנטימער פון דעם וואַלדמאַסיוו און האָט אַזוי אַרום גוט געקענט אַלע ווינקעלעך פון דער פּושטשע. אויך עקיבא, וועלכער איז געווען אַ סוחר, האָט געקאָנט די אומגעגנדלעכע וועלדער. הכלל, איצט זענען זיי ביידע געוואָרן די צענטראַלע פיגורן אין אָטריאַד. דער קאָמאַנ־דיר האָט מיט זיי אָפּגעהאַלטן כסדרדיקע באַראַטונגען. ס'איז קלאָר גע־וואָרן, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן און דער איינציקער אויסוועג איז — גיין אין די זומפּיקע וועלדער, אפשר וועט דער שונא

ניט האָבן קיין חשק צו בראָדיען אין די זומפּן ? בליץ־שנעל האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן אויף אַ נײַער באַזע נאָנט לעבן די זומפּיקע וועלדער.

גראָד צו יענער צײַט האָט דער אָטריאַד באַוויזן צונויפצוזאַמלען אויף דער באַזע אַ היפּשן זאַפּאַס שפּײַז און 50 קי, פון וועלכע מען האָט געהאַט מילך פאַר די קינדער און פאַר די שוואַכע ; גענוי אַזאַ צאָל פערד מיט וועגענער, מיט אַלע אויסשטאַטונגען דערצו ; אַריבער 500 פּוד פאַרשידענע תבואות. וויפל מי און ריזיקע האָט דאָס אָפּגעקאָסט, איידער מען האָט עס אַלץ געבראַכט דורך די בלאָטיקע וועגן, איבערן ניעמאַן און בעריאָזאַ, אין וואַלד אַרײַן. איצט וועלן מיר דאָס אַלץ דאַרפן איבער־לאָזן. דערווײַל אָבער האָט מען דעם גאַנצן פאַרמעגן אַרויפגעלייגט אויף די וועגענער און מען איז אַריבער אויף אַ צווייטער באַזע, לעבן די זומפּן. אויף דער נײַער באַזע זענען מירווידער אָפּגעזעסן צוויי וואָכן און אונ־דזערע אויסשפּירערס זענען די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די איבעריקע אָטריאַדן פון פּושטשע.

פאַר טאָג האָבן די אויסשפּירערס אַלאַרמירט, אַז אַ גרויסער באַוואָפנ־טער כּוח פון שׂונא גייט אויף אונדז. מיר האָבן אַפילו געהערט דעם גערויש פון די טאַנקן.

23

# מיר טרעטן אָפּ אין די זומפּן

דער קאָמאַנדיר האָט געגעבן אַ באַפעל אַלץ איבערלאָזן און מאַרשירן אין די זומפּן. פאָרויס זענען געגאַנגען מענער, וועלכע האָבן אַרויפגענומען אויף די אַקסלען די קליינע קינדער. הינטער זיי — זקנים און פרויען, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף די עלטערע קינדער, און צום סוף פון דער קאָלאָנע — דער קאָמאַנדיר מיט אַ באַוואָפנטער גרופּע. דער קאָמאַנ־דיר האָט אין אָנהייב פון מאַרש זיך געזעצט רײַטן אויף זײַן פערד. דאָס זעלבע האָבן געטאָן אויך זײַנע געהילפן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען זיי מקנא געווען וואָס זיי דאַרפן זיך ניט טונקען אין די זומפּיקע וואַסערן. אַזוי נאָר ווי מען איז אָפּגעגאַנגען אייניקע צענדליק מעטער, באַוועגנדיק זיך טריט בײַ טריט, האָבן די פערד דערקלערט אַ שטרײַק. זיי גייען ניט ווײַטער און טו זיי עפּעס... נו, זענען זיי אַרונטער פון די פערד, געלאָזט זיי שטיין אויף גאַנץ באַראַט און מיטגעגאַנגען צו פוס.

בײַם פאַרלאָזן די באַזע האָבן חברה אַרײַנגעשאָטן אין די רוקזעק און אין די קעשענעס אַ ביסל תבואה־קערנער, וואָס זענען געלעגן אין זעק אויף די וועגענער. אויףביימער זענען געהאָנגען אַ פּאָר נאָר וואָס געקוי־לעטע בהמות, האָבן אייניקע חברים אָפּגעשניטן אַ שטיקל פלייש און מיט־גענומען, האָפנדיק אַז ס'וועט זיך אפשר לאָזן אָפּקאָכן. זיי האָבן עס גאָר גיך אַוועקגעוואָרפן.

מיר האָבן קוים באַוויזן אָפּצוגיין עטלעכע הונדערט מעטער — איז געוואָרן נאַכט. און אין דער פינצטער צו שלעפּן זיך אין בלאָטע איז גע־ווען אַ סכּנה. האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן מען זאָל בלײַבן שטיין ביז

איבער נאַכט. האָט יעדער אויסגעקליבן אַ בוים אָדער אַ נידעריקן צווײַג אָן וועלכן זיך אָנצושפּאַרן אָדער זיך אָנצוטשעפּען. אַזוי איז אַריבער די נאַכט, און ווי נאָר עס איז געקומען אַ שפּראָץ ליכט האָט מען פאָרגעזעצט דאָס שלעפּן זיך.

עס איז געווען אַן אויסטערליש בילד, ווי אַזוי די גאַנצע מחנה האָט זיך געצויגן, איינער הינטער דעם אַנדערן, אין די זומפּן. 700 נפשות — צווישן זיי אַ באַדייטנדיקע צאָל פרויען, קינדער אין עלטער פון 3—4 יאָר, קראַנקע און שוואַכע. אין טייל ערטער, אַז מען האָט אַוועקגעשטעלט איין פוס האָט מען קוים אַרויסגעשלעפּט דעם צווייטן... די ייִנגערע האָבן זיך לײַכטער אַן עצה געגעבן, אָבער מיט די עלטערע מענער און פרויען איז געווען גאָר ביטער. די קלענערע קינדער האָבן די מאַנסבילן געטראָגן אויף די פּלייצעס און אין די זייער טיפע ערטער האָט מען זיי אַרויפגענומען אויפן קאָפּ. און ווען איינער האָט שוין קיין כּוח ניט געהאַט, האָט איבער־גענומען דאָס קינד אַ צווייטער. מען האָט אויך אַרויסגעהאָלפן די עלטערע מענטשן, אויב עמעצער איז געבליבן שטעקן אין אַ טיפן אָרט.

אַזוי לאַנג ווי מען האָט זיך געצויגן איבער די זומפּיקע וועלדער איז נאָך געווען צו דערלײַדן... מען האָט זיך געקאָנט כאַטש אָנהאַלטן אָן אַ בוים און זיך אַ ווײַלע אָפּרוען, אָבער ווען עס האָט זיך געענדיקט דער וואַלד און מען האָט דערזען פאַר זיך די לאַנגע און ברייטע אָפענע זומפּיקע פעלדער, וועלכע זענען געווען באַוואַקסן מיט הויך גראָז, איז געוואָרן נאָך שווערער אויפן האַרצן. די פעלדער האָבן זיך צעשפּרייט אויף שיינע קי־לאָמעטערס, און דאָס האָט מען געמוזט דורכשנײַדן. דער חשבון איז געווען, אַז הינטער אָט די זומפּן וועלן מיר זײַן אין אַ קלענערער געפאַר, דער שׂונא וועט אונדז ניט יאָגן מער ווי ביז די זומפּן.

הכּלל, מען האָט אָנגעהויבן זיך ציִען איינער הינטער דעם אַנדערן איבער די זומפּיקע פעלדער. ווער האָט געקאָנט פילן די נאַסקייט און די מידקייט, אַז מען האָט כּסדר געקוקט אויפן הימל, צי עס באַווײַזן זיך ניט דעם שׂונאס עראָפּלאַנען. ווײַ וואָלט געווען צו אַלעמען, ווען איין עראָפּלאַן וואָלט אונדז געהאַט באַמערקט אין אָפענעם פעלד, קיינער וואָלט

ניט אַרויס קיין לעבעדיקער. דאָס איז געווען ממש אַ נס! אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר זיך געטונקט אין דער בלאָטע ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ טרוקענעם וואַלד. און — ווידער אַ נס! קיין איינער איז ניט געבליבן אין די זומפּן.

ווען מיר זענען אַרײַנגעקומען אין טרוקענעם וואַלד איז שוין געווען נאַכט. אויסגעשעפּט פון די כּוחות ביז צו לעצט, אויסגעווייקט ביזן ביין, זענען מיר אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און געכאַפּט אַ דרעמל ביז איבער נאַכט.

פאַר טאָג האָט אונדז אויפגעוועקט אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע. מינען־וואַרפערס און עראָפּלאַנען האָבן באַהאָגלט די וועלדער מיט באָמבעס. אונדז איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי צו זיצן ווײַטער אין דעם געדיכטן און פינצטערן וואַלד און ניט אַרויסווײַזן קיין סימן פון לעבן.

עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז מען זאָל זיך ניט באַוועגן, בלויז זיצן שטיל אונטער דיביימער און ניט אַרויסריידן קיין וואָרט.

די בגדים זענען געווען אויסגעווייקט, האָט מען זיי פון זיך אַרונ־טערגעוואָרפן ביסלעכווײַז און געלאָזט אויפן גראָז אויסטריקענען. אַנדערע האָבן אין די זומפּן פאַרלוירן זייערע שיך, זענען זיי געבליבן באָרוועס. מען האָט זיך פון דעם קנאַפּ וואָס געקימערט. דער עיקר איז געווען — דער קאָפּ אויף די פּלייצעס.

אַז מיר זענען געקומען אַ ביסל צו זיך האָבן מיר אַרויפגעצויגן די אויסגעטריקנטע בגדים און זיך דערווײַטערט פון דעם אָרט, אויסגעקליבן אַ טרוקענעם און געדיכטן וואַלד און זיך פאַרשטעקט אונטער די ביימער.

די ערשטע פאַר טעג האָבן מיר אַפילו ניט געטראַכט וועגן עסן. אָבער אויפן דריטן טאָג האָט דער הונגער זיך געלאָזט פילן. האָבן מיר אויסגענוצט די קורצע הפסקות צווישן איין אָנפאַלי פון עראָפּלאַנען ביז אַ צווייטן און זיך געלאָזט אין וואַלד אָנקלײַבן שוואַרצע יאַגדעס און פּאָזיעמ־קעס, וואָס זענען דאָרט געווען לרוב, אָדער שוועמלעך, און מיט דעם גע־שטילט אויף וויפל ניט איז דעם הונגער... דער גרעסטער צער איז אָבער געווען אויף די קליינע קינדער.

מיט אַלע מיטלען האָט מען זיך באַמיט די קינדער זאָלן ניט הונ־גערן. די וואָס האָבן געהאַט תּבואה־קערנער האָבן עס אָפּגעגעבן, אין די פרויען האָבן אויף אַ קליין פֿײַערל אויסגעקאָכט אין אַ בלעכל אַ קאַשע און מיט דעם געלינדערט דעם הונגער.

אַ טייל האָט געהאַט מיט זיך מאַכאַרקע. דאָס איז ממש געווען אַן אוצר. אַז מען האָט פֿאַרדרייט אַ באַנקרוטקע (סיגאַרעט), האָבן ניט ווײ־ניקער ווי אַ מנין מענטשן געהאַט צו איין צי.

די טעג האָבן זיך געצויגן אַזוי ווי יאָרן. עס האָבן זיך גענומען באַ־ווײַזן פּאַרטיזאַנער פֿון אַנדערע אָטריאַדן, וואָס האָבן זיך געהאַט דורכ־געריסן דורך דער אַרומרינגלונג און האָבן איבערגעגעבן אינפֿאָרמאַציעס וועגן גאַנג פֿון דער אָבלאַווע. אייניקע אָטריאַדן האָבן זיך צוזאַמענגע־שטויסן מיטן שׂונא אין אָפֿענעם קאַמף: עס זענען געפֿאַלן אַ סך פּאַרטי־זאַנער.

זעקס טעג זענען מיר אָפּגעזעסן אין יענעם וואַלד. דער אייציקער אויסוועג איז געווען: זיך דורכרײַסן דורך דער בלאָקאַדע. בלײַבן אין וואַלד האָט באַדײַט הונגערטויט.

דאָ האָבן מיר זיך געשטיצט אויף מאַכליס און עקיבא. אויף זיי איז געווען אונדזער גרויסע האָפֿענונג זיך אַרויסצורײַסן פֿון קלעם. און זיי האָבן איבערגענומען די ראָלן צו זיין אונדזער „משה" און „אהרון". הכּלל, מאַכליס און עקיבא, באַגלייט פֿון אייניקע באַוואָפֿנטע חברים, זענען אַוועק אויסגעפֿינען אַ וועג, ווי אַזוי זיך אַרויסצורײַסן פֿון דער בלאָקאַדע.

מיר איז ניט באַקאַנט וואָס די גרופּע „מרגלים" האָט דורכגעמאַכט פֿאַר דער צײַט פֿון איר אויפֿגאַבע. דער רעזולטאַט אָבער פֿון זייער אויסשפּיר האָט זיך אויסגעלאָזט צום גוטן פֿאַר אונדזער מחנה. זיי האָבן דעם קאָמאַנדיר געבראַכט די גוטע בשׂורה, אַז זיי האָבן געפֿונען אַ וועג פֿאַרבײַ אַ קאַנאַל, מיט וועלכן מיר וועלן צוקומען צום טײַך בעריאָזאַ און אַזוי אַרום אַרויסבאַקומען זיך פֿון דער פּושטשע.

דער קאָמאַנדיר האָט באַשלאָסן, אַז די גאַנצע מחנה זאָל צעטיילט ווערן אין קלענערע גרופּעס. יעדע שעה איז אַרויסגעגאַנגען אַ גרופּע. צו

יעדער גרופּע איז צוגעטיילט געוואָרן אַ קאָמאַנדיר מיט אַ צאָל באַוואָפּנ־
טע. גלײַכצײַטיק איז באַשטימט געוואָרן דער טאָג און דאָס אָרט, אין
נאָוואָגרודקער וואַלד, ווו אַלע דאַרפֿן זיך צוריק פֿאַראייניקן נאָך דער
אַבלאַווע.

דער קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי מיט זײַנע באַגלייטער האָבן געוואַרט
ביז אַלע גרופּעס זענען אַרויס און מיר איז אויסגעפֿאַלן צו גיין אין דער
לעצטער גרופּע, מיטן קאָמאַנדיר. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר זענען
געווען אַזוי אויסגעשעפּט פֿון דעם זעקס־טאָגיקן הונגער, זענען מיר די
25 קילאָמעטער ביזן טײַך בעריאָזאַ דורכגעגאַנגען אין משך פֿון פֿינף
שעה. בעסער געזאָגט: ניט מיר זענען געגאַנגען, נאָר דער אימפּעט האָט
אונדז געטראָגן.

ווען מיר זענען אַרײַן אין ערשטן דאָרף איז שוין צוגעפֿאַלן די נאַכט.
האָט דער קאָמאַנדיר באַשטימט, אַז מיר בלײַבן דאָ נעכטיקן. מיר זענען
אַרײַן אין די הײַזער אָפּצופּאַסטן זיך נאָכן לאַנגן תּענית. די פּויערים
פֿון דעם דאָרף זענען מערסטנס געווען אָרעמע. אויף מײַן מזל האָב איך
אַפֿילו קיין ביסן ברויט ניט געקראָגן. האָב איך זיך אָנגעטרונקען מיט
וואַסער און באַלד אַנידערגעפֿאַלן אין אַ ווינקל, ווי אַ סנאָפּ, און אײַנגע־
שלאָפֿן. פֿאַר טאָג האָבן מיר פֿאַרגעזעצט דעם מאַרש מיט זײַטיקע וועגן
און סטעזשקעס.

איך בין געווען צופֿרידן ביז גאָר, וואָס איך בין אַרײַנגעפֿאַלן אין
דעם קאָמאַנדירס גרופּע, ווו עס האָט זיך געפֿונען אַ באַדײַטנדיקע צאָל
באַוואָפֿנטע. צווישן זיי האָב איך מיך געפֿילט, ווי איך וואָלט אַליין געהאַט
וואָפֿן... דאַרף זיך אַרײַנמישן דער שטן און איך דאַרף פּלוצעם פֿאַרלירן
די גרופּע. און דאַן האָט זיך פֿאַר מיר אָנגעהויבן אַ נײַ פּעקל צרות. עס
איז אַזוי געווען:

ווען מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע הינטער דעם טײַך
בעריאָזאַ, זענען מיר אַרײַנגעגאַנגען אין אַ דאָרף קריגן עפּעס צו עסן.
דער דאָרף איז געווען זייער אַ גרויסער, האָט מען זיך צעוואָרפֿן איבער
די הײַזער צו עטלעכע מענטשן. איך מיט נאָך אַ יונגן־מאַן האָבן אַרײַנ־

געטראָפן בײַם סאַמע ענדע דאָרף, בײַ זייער ווילע פויערים. זיי האָבן באַלד אַרויפגעלייגט אויפן טיש אַ לאַבן ראַזאָווע ברויט מיט אַ בלעכע־נעם קרוג מילך. וואָכן, אַז מיר האָבן בכלל ניט אָנגעזען קיין ברויט פאַר די אויגן. און דאָ — אַ לאַבן ברויט! מיר האָבן באַלד צו רעכט געמאַכט אַ האַלבן לאַבן מיטן קרוג מילך און דעם צווייטן האַלבן האָבן מיר מיט־גענומען מיט זיך אין וועג.

באַדאַנקט דעם פויער פאַר דער גאַסטפרײַנדלעכקייט, זענען מיר אַ־רויס פון דאָרף און האָבן געוואַרט אויף די איבעריקע. געוואַרט אַ ווײַלע, האָבן מיר זיך פאַרחידושט, וואָס מיר זעען קיינעם ניט. באַלד האָבן מיר זיך דערוווּסט דעם בראָך — אַלע זענען שוין אַוועקגעגאַנגען.

לעבן דאָרף איז געווען אַ וואַלד, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר וועלן זיי טרעפן אין וואַלד, זענען מיר אַרײַן אַהין. אָפּגייענדיק אַ ביסל טיפער אין וואַלד האָבן מיר געטראָפן אַ פּאַסטעך פּיטערן בהמות, האָבן מיר זיך נאָכגעפרעגט בײַ אים, צי ער האָט ניט געזען דורכגיין פּאַרטיזאַנער. אָבער אַנשטאָט צו ענטפערן אויף אונדזער פראַגע האָט ער אונדז געזאָגט, אַז מיט אַ ווײַלע פריִער זענען מיטן וועג פאַרבײַגעפאָרן אויטאָמאָבילן מיט דײַטשן. האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען די סיבה וואָס אונדזערע האָבן זיך שנעל געמוזט אָפּטראָגן.

דערווײַל זענען מיר געבליבן זאַלבעגאַנד. איך האָב נאָך געהאַט דאָס גליק, וואָס מײַן אח לצרה האָט געהאַט אַ ביקס, האָב איך זיך שוין גע־פרייט וואָס מיר וועלן ניט זײַן אַזוי הפקר, ביז מיר וועלן געפינען אונ־דזערע מענטשן.

וווּהין צו גיין האָבן מיר ניט געוווּסט. ס׳איז אָבער געווען פאַר אונדז קלאָר: מיר דאַרפן זיך קודם־כּל אַריבערכאַפּן אויף דער צווייטער זײַט פון ניעמאַן. און ווײַטער, האָבן מיר געטראַכט, וועלן מיר זיך שוין אין די דערפער דערוויסן, צי עס זענען דורכגעגאַנגען אונדזערע פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען איבער די וועלדער, ניט וויסנדיק אין וועלכער ריכטונג מיר דאַרפן גיין צום ניעמאַן. און אַזוי גייענדיק אין וואַלד האָבן מיר געטראָפן פויערים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפּאָרעט בײַ

אַ פּרימיטיוו אײַנגעאָרדנטער ברויז און געטריבן בראָנפֿן. זיי האָבן אונדז קודם־כּל מכבד געווען פֿון זייער „אויסאַרבעטונג" און אונדז פֿאַר־געלייגט צו טרינקען וויפֿל מיר ווילן. מיר האָבן אָבער דאָס אויסגעטײַטשט, אַז זיי האָבן אַ כּוונה אונדז אָנצושיכּורן, כּדי דערנאָך בײַ אונדז צונעמען די ביקס. האָבן מיר צוליב העפֿלעכקייט ווענן גענומען אַ ביסל. עס איז געווען פֿאַרבאָטן צו שיכּורן, איבערהויפּט ווען מען האָט זיך געפֿונען אין וועג, אָבער זעלטן ווער עס האָט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון, ווען מען האָט דערטאַפּט בײַ אַ פּויער סאַמאָגאָן. ניט איין פּאַרטיזאַן האָט פֿאַרגעסן וועגן דעם פֿאַרבאָט און פֿאַרשפּילט דאָס לעבן צוליב בראָנפֿן.

מיר האָבן מיטגענומען איינעם פֿון די פּויערים און ער האָט אונדז געוויזן דעם וועג צום ניעמאַן. עס האָט גענומען זייער לאַנג איידער מיר האָבן געקראָגן אַ שיפֿל אַריבערצושיפֿן זיך אויפֿן צווייטן זײַט. גלײַך בײַם ניעמאַן איז געווען אַ דאָרף און דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס זענען דורכגעגאַנגען אַ סך פֿון אונדזערע מענטשן. זענען מיר שוין גע־ווען זיכער, אַז מיר וועלן זיך צוריק צונויפֿטרעפֿן מיט זיי.

24

# אַליין צווישן אייגענע כוליגאַנעס

בעת דער בלאָקאַדע אויף די פּאַרטיזאַנער פון נאַליבאָקער פּושטשע איז אין דעם נײַעם ראַיאָן, ווו די צעשפּליטערטע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס האָבן געפונען אַ באַהעלטעניש — נאָכן דורכרײַסן זיך דורכן דײַטשישן רינג — געוואָרן „ענג״. די פֿאַרבינדונג מיטן צענטראַלן שטאַב איז דער־ווײַל געווען איבערגעריסן און מען האָט ניט געוווּסט איינע פון די אַנדע־רע. אויסער דעם זענען כּמעט אַלע פון דער אָבלאַוועַ אַרויס האַלב־נאַקע־טע, ווער מיט צעריסענע שטיוול אָדער אין גאַנצן אָן שטיוול. מען איז געגאַנגען, פּראָסט־און־פּשוט, באָרוועס. די רוסישע און ווײַסרוסישע פּאַר־טיזאַנער האָבן גענומען לויערן, ווי אַזוי אָנצוטאָן אַ פּאָר גאַנצע הויזן, אַ רעקל, אַ פּאָר שטיוול.

געווען צווישן זיי ניט ווייניק כוליגאַנעס און פינצטערע אַנטיסעמיטן, נאָר כּל־זמן זיי זענען געווען אין זייערע אָטריאַדן, ווו עס איז געווען דיס־ציפּלין און אַ בפירושער פאַרבאָט קעגן אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיי מורא געהאַט אַרויסצוווײַזן זייער שׂינאה צו ייִדן, אָבער נאָך דער אָבלאַווע, ווען זיי האָבן שוין ניט געהאַט איבער זיך קיין שום קאָמאַנדשאַפט, האָבן זיי דערפילט, אַז זיי האָבן פרײַע הענט...

אָט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די ייִדישע פּאַרטיזאַנער פון בעל־סקיס אָטריאַד אַ קייט מיט נײַע צרות. די דאָזיקע פינצטערע כוליגאַנעס האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס בעלסקיס ייִדישער אָטריאַד איז צעשפּליטערט געווען אין קליינע גרופּעס און ניט געענוג באַוואָפנט, פלעגן זיי באַפאַלן אַזאַ קליינע גרופּע, וואָס האָט אַפילו ניט געאַנט, אַז מען דאַרף

זיך היטן פון אייגענע, צונעמען דאָס געווער, אַפילו אַראָפּציִען די שטיוול פון די פיס, און אויב עמעצער האָט געטראָגן אַ ליַיטישן בגד, האָבן זיי דאָס צוגענומען. און ניט איינער האָט באַצאָלט מיטן לעבן פאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען אַ פאַרבײַסונג, אַזוי צו זאָגן, נאָך דער אַבלאַווע, וועלכע יעדער האָט נאָך גוט געפילט אין די ביינער. אָבער נאָך מער האָט מען געפילט דעם מאָראַלישן ווייטיק: אָקערשט זע־נען מיר אַלע צוזאַמען געווען, אַזוי צו זאָגן, חברים אין איין צרה, מען האָט זיך געווערט קעגן דעם געמיינזאַמען שׂונא און צוזאַמען זיך אַרויס־געריסן פון דער אַבלאַווע, און מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין פּשוטע רויבערס און אין אונדזערע שׂונאים, און מיר האָבן זיך גע־דאַרפט פאַר זיי היטן פונקט ווי פאַר דער ווײַסרוסישער פּאָליציי און דײַטשן.

ווען זיי האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף אונדזער אַ גרופּע פון יונגע חברה, האָט מען זיך פאַר זיי ניט אָפּגעשראָקן, זיי גוט אָנגעלערנט און, פאַרקערט, בײַ זיי צוגענומען זייער געווער... די כוליגאַנעס האָבן זיך דערנאָך געבעטן בײַ די ייִדן מען זאָל זיי אָוועקגעבן צוריק דאָס געווער; זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז זיי וועלן פאַרלירן די קעפּ, ווען זיי וועלן צו־ריקקומען אָן די ביקסן אין זייער אָטריאַד.

איך מיט מײַן אָח לצרה האָבן געהאַט דאָס מזל צו באַגעגענען זיך מיט די כוליגאַנעס. אַרויסגייענדיק פון דעם ערשטן דאָרף לעבן ביעמאַן האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ צען רוסישע פאַרטיזאַנער. מיר האָבן נאָך פון גאָרניט געוווּסט, זענען מיר צו זיי צוגעגאַנגען און האָבן זיך מיט זיי גאַנץ פײַן באַגריסט און זיך געוואָלט נאָכפרעגן בײַ זיי אויף אונדזערע חברים פאַרטיזאַנער. איידער מיר האָבן באַוויזן אויסצורייִדן אַ וואָרט, האָבן זיי גלײַך אַרויסגעכאַפּט פון מײַן חבר די ביקס, אים אַנידערגעוואָרפן און אָנגעהויבן אַראָפּציִען פון זײַנע פיס די שטיוול מיט די הויזן. ער האָט געהאַט אַ פּאָר גאַנצע שטיוול און גוטע הויזן. ער האָט זיך בעת־מעשׂה געווערט, האָבן זיי אים געדראָט, אַז זיי וועלן אים דערשיסן. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט געהאַט פאַר זיי דאָס לעבן פון אַ ייִדישן פאַרטיזאַן? און

וואָס האָבן מיר שוין געקאָנט אויפטאָן מיט איין ביקס קעגן אַ גרויסער באַוואָפנטער באַנדע?

איינער האָט אים יאָ געטאָן אַ שטיקל „חסד" — ער האָט אים צוגע־וואָרפן זײַנע אַ פּאָר צעריסענע הויזן... איך האָב שוין געהאַט מער מזל, מײַנע בגדים און שיך זענען אַזוי צעפּליקט געוואָרן אין די זומפּן, אַז זיי האָבן בײַ מיר ניט געהאַט וואָס צוצונעמען.

באַלד האָבן מיר אויך דערפילט דעם טעם, וואָס דאָס הייסט אַרײַנגיין צו אַ פּויער אין שטוב אָן אַ ביקס. אַנשטאָט צו ה י י ס ן דעם פּויער אונדז געבן עסן, האָבן מיר שוין געדאַרפט א ו י ס בע ט ל ע ן. און ניט אין שטוב האָבן מיר געדאַרפט דורכגיין אין דאָרף, איידער מיר האָבן גע־קראָגן עפּעס צו עסן.

די פּויערים האָבן געשטעלט אונדז פראַגן — ווו איז אונדזער געווער? וואָס פאַר אַ פּאַרטיזאַנער זענען מיר אָן געווער? מיר האָבן געהאַט פאַר זיי איין תּירוץ: אין דער צײַט פון דער אָבלאַווע זענען אונדזערע ביקסן דערטרונקען געוואָרן אין די זומפּן. מיר האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט דער־ציילן, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן עס אַוועקגענומען. זיי וואָלטן דאָך פון אונדז חוזק געמאַכט, און מיט רעכט.

✶

מײַן חבר איז אַרײַן צו אַ פּויער בעטן ברויט און האָט זיך פאַרזאַמט. איך האָב אויף אים געוואַרט אויפן וועג לעבן דאָרף. דערזעענדיק פון ווײַטן רוסישע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע איך האָב ניט געהאַט קיין חשק זיך צו טרעפן, האָב איך זיך שנעל אָפּגעטראָגן אין אַן אַנדער ריכטונג. בין איך געבליבן אַליין. מײַן רוקזאַק, וואָס איז נאָך ניט געווען גוט אויס־געטריקנט נאָכן ווייקן זיך אין די זומפּן, מיט די אַלע נייטיקע זאַכן וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, איז איצט געווען אין סכנה. כ'האָב נאָך דאָרט געהאַט אַ פּאָר וועש איבערצובײַטן, אַ ראַזיר־מכשיר און אַנדערע קלייניקייטן. פאַר די רוסישע באַנדיטן קאָן עס אויך זײַן אַ סחורה. לאַנג איז מיר ניט אויסגעקומען צו בלאָנדזשען אַליין. איך האָב געטראָפן אַ קליינע גרופּע חברים פון אונדזער מחנה און איך האָב זיך פאַראייניקט מיט זיי. די

גרופּע איז באַשטאַנען פון 15 חברים, אָבער בלויז אַכט האָבן פאַרמאָגט ביקסן. מיר האָבן אויסגעקליבן אַ פּאַסיק אָרט אין אַ וואַלד ניט ווײַט פון זשוראַוועלניק און זיך דאָרט באַזעצט. אין די נעכט זענען מיר געגאַנגען אין די דערפער נעמען בײַ די פּויערים שפּײַז. יעדער האָט באַקומען אַ ביקס, פון די אַכט, ווען ס'איז אויסגעקומען זײַן ריי צו גיין אין דאָרף. קיין עסן האָט שוין דעמאָלט ניט אויסגעפעלט. און אין ברויט איז מען שוין אויך ניט געווען אַזוי זשעדנע. ביסלעכווײַז זענען צוגעשטאַנען צו אונדז נאָך חברים, מענער און פרויען פון בעלסקיס אָטריאַד, און צוזאַמען זענען מיר שוין געווען 60 מאַן מיט 12 ביקסן.

איין מאָל, דאָס איז געווען אין מיטן נאַכט, בין איך געשטאַנען אויף דער וואַך בײַם ראַנד פון וואַלד לעבן אַ שמאָלן וועג. ניט ווײַט פון דעם וואַלד האָט זיך געפונען אַ כוטאָר. פּלוצעם איז אויסגעבראָכן אַ שיסערײַ, אָבער אַזוי נאָענט, אַז עס האָט זיך מיר בעת־מעשׂה געדאַכט, ווי די שי־סערײַ וואָלט געווען לעבן וואַלד. בײַ מיר איז ניט געווען קיין אַנדער גע־דאַנק, אַז די דײַטשן האָבן אונדז אַנטדעקט. די נאַכט איז גראָד געווען אַ פינצטערע, האָב איך זיך פאַרמאַסקירט אונטער אַ קוסט און גע־בליבן ליגן. פּלוצעם האָב איך דערזען ווי דער הימל איז רויט געוואָרן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס ברענט דער כוטאָר. די שיסערײַ האָט אָנ־געהאַלטן ניט לאַנג. איך בין געלעגן נאָך אַ ווײַלע. ווען ס'איז געוואָרן אין גאַנצן שטיל בין איך אַרויס פון אונטערן קוסט און זיך געשטעלט צוריק אויף מײַן פּאָסטן.

אַז ס'האָט אָנגעהויבן שאַרן אויף טאָג איז שוין לאַנג געווען אַרי־בער די צײַט, ווען אַ צווייטער האָט געדאַרפט מיך אומבײַטן, און קיינער קומט ניט. האָב איך דערפילט, אַז ס'איז ניט קיין גלאַטע מעשׂה. איך האָב אָנגעהויבן נאָכטראַכטן, אַז די חברה האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער שי־סערײַ, וואָס האָט מיט אַ דונערדיקן עכאָ אָפּגעהילכט אין וואַלד, און זענען זיך צעלאָפן און אין אײַלעניש פאַרגעסן אָן מיר...

כ'האָב מיך געלאָזט צוריק אין וואַלד. איך זוך דאָ, דאָרט — קיינער איז שוין ניטאָ.

אַוועקגייענדיק בײַ נאַכט אויף מײַן פּאָסטן האָב איך איבערגעלאָזט מײַן רוקזאַק בײַ די פּאָר חברה, מיט וועמען איך בין געלעגן אונטער איין בוים. איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן דעם בוים. אָבער גיי דערקען אין וואַלד אַ בוים, אַז אַלע זענען זיי ענלעך איינער צום אַנדערן. כ׳האָב זיך אַרומגעדרייט היפּשע שעהען, זוכנדיק מײַן רוקזאַק, אָבער אַ נעכטיקער טאָג. איז בײַ מיר קיין אַנדער געדאַנק ניט געווען, אַז די חברה האָבן מיטגענומען מײַן רוקזאַק אויך. דערווײַל האָב איך זיך געטרייסט דערמיט, וואָס בײַ מיר איז כאָטש געבליבן די ביקס, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען אויפן פּאָסטן. וועל איך קאָנען אַרײַנגיין אין אַ דאָרף אָפּעסן און ניט דאַרפן אויסבעטלען אַ שטיקל ברויט... אָבער גלײַכצײַטיק האָב איך זיך געשראָקן — איינער אַליין, — פּאָר די כוליגאַנישע פּאַרטיזאַנער. בין איך געבליבן זיצן ווײַטער אין וואַלד, אפשר וועט ווער פון די חברה קומען מיך זוכן, דערהויפּט יענער, צו וועמען עס האָט געהערט די ביקס. כ׳האָב אָפּגעוואַרט אַ טאָג מיט אַ נאַכט און קיינער איז ניט געקומען. הונגעריק בין איך געווען געוווּג, בין איך אַרויס פון וואַלד.

ווו איך געפין זיך און ווו איך זאָל גיין האָב איך ניט געוווּסט. אָפּגייענדיק אַ ביסל איבער די פעלדער האָב איך געטראָפן פּאַסטעכער, וואָס האָבן געפיטערט בהמות. האָב איך בײַ זיי אויסגעפרעגט וועגן דער געגנט. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער שׂריפה. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס:

אויפן דערמאָנטן כוטאָר זענען אין יענער נאַכט געשלאָפן אין אַ שײַער 4 פּאַרטיזאַנער. ווײַזט אויס, אַז די ווײַסרוסישע פּאָליציי האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז אַראָפּגעקומען אַ גרויסער פּאָליציייִשער כּוח, אַרומגערינגלט דעם שײַער און אויפגעפאָדערט די פּאַרטיזאַנער זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. די פּאַרטיזאַנער האָבן געענטפערט מיט אַ פײַער פון זייערע ביקסן. האָבן די פּאָליציאַנטן אָנגעהויבן האָגלען מיט קוילן אין שײַער אַרײַן. פון דער שיסערײַ האָט זיך אָנגעצונדן דער שײַער און איז אָפּגעברענט געוואָרן ביז אַ שפּענדל, צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער. אָבער אויך איין פּאָליציאַנט, האָבן די פּאַסטעכער דערציילט, איז געטראָפן געוואָרן

פון אַ קויל און זײַנע חברים האָבן אים אַוועקגעשלעפּט אַ באַגאָסענעם מיט בלוט.

איך האָב זיך געהאַלטן בײַ די זײַטיקע וועגן, לעבן דערפֿער, גלייבנ־דיק אַז נאָר אויף אַזאַ אופן וועל איך פריִער אָדער שפּעטער טרעפן אונ־דזערע מענטשן. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אויפן דריטן טאָג האָב איך געטראָפן אייניקע פּאַרטיזאַנער פון דער לעצטער גרופּע און צווישן זיי איז אויך געווען דער בעל־דבר פון דער ביקס.

מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן. ס׳איז אים געוואָרן ליכטיק אין די אויגן, ווען ער האָט דערזען אין מײַנע הענט זײַן ביקס.

אָפּגעבנדיק אים די ביקס איז מײַן ערשטע פראַגע געווען וועגן מײַן רוקזאַק. ער האָט מיר דאַן דערציילט וועגן זייער אַנטלויפן:

ווען עס איז אויסגעבראָכן די שיסערײַ האָבן זיי טאַקע, אַזוי ווי איך, אַנדערש ניט געטראַכט, אַז די דײַטשן האָבן אונדז אַנטדעקט. האָט מען אין פּאַניק אָנגעהויבן אַנטלויפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן. ווערמען האָט דאַן געקאָנט ליגן אין קאָפּ, האָט ער געזאָגט, צו כאַפּן מײַן רוקזאַק... יעדער האָט געכאַפּט זײַנעם און איז אַנטלאָפן. די גאַנצע גרופּע איז אַזוי אַרום זיך צעפאַלן און קיינער האָט ניט געוווּסט איינער פון דעם אַנדערן.

איז מיר ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי „אָפּזאָגן קדיש״ נאָך מײַן רוקזאַק. וויפל כּוחות האָב איך געפּטרט, ראַטעווענדיק אים פון די אָבלאַוועס (צוזאַמען מיט מײַנע אייגענע ביינער). זיך ניט געשיידט מיט אים אין די טיפע זומפּן, געשלעפּט אים אויף מײַנע פּלייצעס, ווען כ׳האָב קוים מײַנע פיס געשלעפּט. און דאָ, נאַ דיר גאָר — צוליב אַן אומזיסטער סומאַטאָכע! און דער פּאַרדראָס איז געווען נאָך טיפער, ווען כ׳האָב זיך אַרומגעזען, אַז כ׳האָב שוין ניט קיין העמד איבערצובײַטן, קיין מכשיר זיך אַרומצוראַזירן.



פסח פרידבערג



לייזער ענגעלשטערן (צווייטע שורה, דריטער לינקס) אין נאַליבאָקער פושטשע, 1944



איטאַליע, 1947. אין אַ קיבוץ פאַר געוועזענע פאַרטיזאַנער.
לייזער ענגעלשטערן — ערשטע שורה, אין מיטן

25

## צעשפּליטערטע גרופּעס פון בעלסקיס אָטריאַד

נאָך דעם ווי עס איז זיך צעפאַלן אונדזער גרופּע, בעת דער שיסעריי, איז מיר אויסגעקומען זיך אַרומצושלעפּן מיט פאַרשידענע רעשטלעך. מען האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען איניקע טעג און באַלד זיך צעפאַלן. יעדער האָט געטראַכט נאָר וועגן זיך און געזוכט זיך צוצוטוליען צו אַזאַ גרופּע, וואָס האָט געוווער. אין גאָר ניט קיין גוטער לאַגע האָבן זיך אין דער צייט פון דער צעשפּליטערונג געפונען די עלטערע מענטשן און פרויען, אָבער אין מערסטע פאַלן האָבן זיי זיך אַן עצה געגעבן מיטן עסן. די פויערים אין די דערפער האָבן געהאַט אײַנזעעניש פאַר די עלטערע יידן און האָבן זיי ניט אַרויסגעלאָזט קיין הונגעריקע פון זייערע הײַזער.

דאַן ווען דער אָטריאַד איז געווען צעשפּליטערט אין קליינע גרופּעס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, אמת, זייער ווייניק, וואָס האָבן שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן און זענען אַוועק, אויף דערוואַל, צוריק אין לידער געטאָ. דאָס הייסט, ביז דער צײַט, ווען דער אָטריאַד וועט צוריק זיך אויפקלײַבן. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך אין געטאָ אַ ביסל באַקליידן און קריגן אַ פּאָר גאַנצע שיך און וועלן דערנאָך זיך צוריקקערן.

אין אַזאַ גרופּע איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אַ קאַרגע וואָך. די מערסטע פון זיי זענען אַרויס פון דער אָבלאַווע ממש האַלב־נאַקעט, און דערצו געליטן פון פאַרשידענע מיחושן. איינעם פון זיי געדענק איך, אַלע האָבן אים אין וואַלד ליב געהאַט און רחמנות געהאַט אויף אים. ער האָט געליטן אויף די לונגען, אָבער געווען, טראָץ דעם, לעבנסלוסטיק און

מונטער. פשעפיורקע האָט ער געהייסן, געשטאַמט פון לאָדזש. נאָך דער אָבלאַווע האָט ער זיך צוזאַמענגעבראָכן, פאַרלאָרן דעם ווילן צו לעבן. פון אָט דער גרופּע האָבן אייניקע באַשלאָסן צו גיין אין געטאָ, אויך פשעפיור־קע. איך האָב זיי דערוויזן דעם אומזין פון אַזאַ שריט. זיי האָבן מיך ניט געהערט און זענען אַוועק. זיי האָבן טאַקע דערגרייכט די לידער געטאָ, אָבער שפּעטער האָבן זיי געטיילט דעם גורל פון די ...לע, וואָס זענען פאַרבליבן אין די געטאָס. פשעפיורקע האָט געהאַט מזל, זיך געראַטעוועט און געקומען צוריק אין נאַליבאָקער פּושטשע.

*

איין מאָל האָט מיך דער גורל צונויפגעפירט מיט אַ קליינער גרופּע, ווו קיינער האָט ניט געהאַט קיין געווער. מען דאַרף דאָך אָבער עסן, און גיין בעטן בײַ די פּויערים און אויסהערן זייערע איראָנישע פּזמונות האָט זיך ניט געוואָלט. איז איינעם, אַ לידער יונגן־מאַן, אײַנגעפאַלן איבערצו־כיטרעווען די פּויערים. מיט אַ קעשענע־מעסערל האָט ער פון אַ צווײַגל אויסגעשניצט אַ פּאָר „רעוואָלווערן", ס'האָבן זיך געפונען רימענדלעך, וואָס מען האָט צוגעטשעפּעט צום גאַרטל, און דעם „רעוואָלווער" האָט מען געהאַלטן אין קעשענע. מיט דער הילף פון אָט־די „רעוואָלווערן" האָבן מיר גענומען בײַ די פּויערים וואָס מיר האָבן באַדאַרפט און מען האָט שוין ניט געהונגערט.

אין אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין געזעסן מיט מײַן גרופּע אין אַ וועלדל לעבן ניעמאַן, האָט זיך פּלוצלונג אין דער וואַלדשטילקייט צעפּלאַקערט אַ שיסערײַ. קיין געווער האָבן מיר ניט געהאַט. מיר דאַכט, איין ביקס, איז גלײַכער געווען צו שטעלן פּיס... מיר זענען אַראָפּגעלאָפן צום ניעמאַן, גענומען זוכן אַ שיפל, כּדי זיך אַריבערצוכאַפּן אויפן אַנדערן זײַט טײַך. מיט אַ מאָל זענען אָנגעלאָפן רוסישע פּאַרטיזאַנער, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פּיס, און פאַרכאַפּט דאָס שיפל, וואָס איז שוין כּמעט געווען אונ־דזערס. נו, וואָלט צוליב דעם אַליין נאָך ניט געווען דער ווייטיק אַזוי גרויס, ווען ניט די רייד זייערע אויף אונדזער אַדרעס:

— איר זײַט פּחדנים, וואָס פּאָר אַ פּאַרטיזאַנער זײַט איר, אַז איר

אַנטלויפט פון קאַמף. ניט פאַר אײַך איז דאָס שיפל צוגעגרייט געוואָרן, קערט זיך אום און קעמפט מיט די סוואָלאָטשעס, אונדזערע שונאים...

מיר האָבן, הייסט עס, געדאַרפט קעמפן אָן געווער, און זיי זענען עס די גיבורים.

*

זינט איך האָב פאַרלאָרן דעם קאָמאַנדירס גרופּע, אין דער צײַט פון מײַן וואַנדערן איבער וועגן און וועלדער, האָב איך ניט אויפגעהערט צו ציילן די טעג, וואָס זענען אונדז פאַרבליבן ביז דעם באַשטימטן טערמין, ווען אַלע צעשפּליטערטע גרופּעס האָבן זיך געדאַרפט צוריק פאַראייניקן. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, ווי גוט אונדז איז געווען, ווען מיר האָבן זיך געפונען אונטערן וואַכזאַמען אויג פון קאָמאַנדיר און זײַנע שטאַבמענטשן.

פונקט די לעצטע צוויי וואָכן פאַר דער פאַראייניקונג איז מיר באַשערט געווען צוצושטיין צו אַ גרופּע חברה, צווישן וועלכע איך האָב געפונען אַ פאַרגיטיקונג פאַר אַלע צרות ביז אַהער. די גרופּע איז באַשטאַנען פון צוועלף חברים, פינף באַוואָפנטע — אַלע לידער, וועלכע האָבן מיך געקענט.

דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע איז געווען אַ לידער יונגער־מאַן, בליאַכער. ער איז דאָרט געווען מיט זײַן פרוי (שפּעטער איז ער געוואָרן דעם קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט). אין יענע לעצטע צוויי וואָכן, וואָס איך האָב זיך געפונען מיט די חברה האָב איך שוין מער ניט געהאַט קיין צרות. מיר זענען געזעסן אין אַ קליינעם וואַלד און יעדע נאַכט זענען מיר געגאַנגען צו די פויערים און „גענומען" בײַ זיי געגוג עסן פאַר אַלעמען. איך האָב זיך אַפילו אַרויסגעאַרבעט אויף אַ פּאָר וועש און 2 פּלאַכטעס פון היימישן דיקן לײַוונט, וואָס האָבן מיר געדינט אויף אונטערצולייגן אונטערן זײַט און צודעקן זיך בײַ נאַכט. דאָס איז געווען אַ גאַנץ וואַזשנער פאַרמעגן, נאָך דעם ווי איך האָב פאַרלאָרן מײַן רוקזאַק און געבליבן מיט דעם וואָס כ׳האָב געטראָגן אויף זיך.

אין יענעם וואַלד האָב איך אויך דורכגעלעבט אַן אָנגענעמען טאָג.

בליאַכער האָט געוווּסט ווו דער קאָמאַנדיר מיט זײַנע ברידער געפינען זיך, איז ער אַהין אַוועק און זיי אַראָפּגעבראַכט צו אונדז. נו, האָט מען שוין יענעם טאָג געמאַכט אַן אמתע סעודה. מ׳האָט צו רעכט געמאַכט אַ פּאָר שעפּסן און אַפילו געקראָגן שנאַפּס (סאַמאָגאָן) און מען האָט גע־מאַכט יענעם לחיים...

דער קאָמאַנדיר האָט אונדז דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אַנגעלערנט די פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן, וואָס האָבן זייער העלדישקייט אַרויסגעוויזן קעגן קליינע און שוואַכע ייִדישע גרופּעס — האָב איך ווידער דערפילט אַ פּאַר־דראָס אויף מײַן גורל. וויפל עגמת־נפש וואָלט איך זיך פאַרשפּאָרט, ווען איך שטיי ניט אָפּ פון קאָמאַנדיר און זײַן גרופּע. אָבער אַז ס׳איז באַשערט!

ענדלעך איז אָנגעקומען דער גליקלעכער טאָג, אויף וועלכן אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט.

ווען איך בין אַרײַן מיט בליאַכערס גרופּע אין יאַסינאָווער וואַלד האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן דעם קאָמאַנדיר מיט זײַן שטאַב און הונ־דערטער פּאַרטיזאַנער. אַ פּאָר וואָכן זענען מיר געזעסן אין יענעם וואַלד און געוואַרט ביז אַלע זענען זיך צונויפגעקומען.

✶

די אָבלאַווע אויף פּאַרטיזאַנער האָט געהאַט אַ פאַטאַלן אויסווירק אויך אויף די ייִדן פון לידער געטאָ. ווען ניט די בלאָקאַדע וואָלטן זיכער נאָך הונדערטער ייִדן געקומען צו די בעלסקיס. די פּופּציק מענער און פרויען, וועלכע האָבן זיך דורך נסים געראַטעוועט בעת דער ליקווידאַציע פון לידער געטאָ, דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943, און זענען שפּעטער גע־קומען אין בעלסקיס מחנה האָבן דערציילט אַט וואָס:

ווען אין לידער געטאָ האָט מען זיך דערוווּסט אַז עס גייט אָן אַן אָבלאַווע אויף פּאַרטיזאַנער, האָט מען זיך דערווײַל אָפּגעהאַלטן אַוועק־צוגיין אין וואַלד. און אַז עס זענען שפּעטער אָנגעקומען פון וואַלד אין געטאָ עטלעכע מענטשן און האָבן נאָך דערצו דערציילט, וואָס די ייִדן שטייען אויס פון כוליגאַנישע רוסישע פּאַרטיזאַנער, איז שוין געווען גע־נונג, אַז קיינער זאָל זיך ניט רירן פון געטאָ. די וואָס זענען שפּעטער

געקומען צו בעלסקין האָבן דערציילט, אַז די „אָפּטימיסטן“, דאָס הייסט, די קעגנער פון דער באַוועגונג אַוועקצוגיין אין וואַלד, צוזאַמען מיט דעם געביטס־קאָמיסאַרס פּאַרטרויונגס־מאַן אינזשעניר אַלטמאַן, זענען אַרומ־געגאַנגען האָפערדיקע און האָבן אַרײַנגעטענהט:

„נו, איר זעט, ווער איז געווען גערעכט? מיר האָבן געזאָגט, אַז אין געטאָ איז זיכערער ווי אין וואַלד, אָט זענען מיר געזעסן די גאַנצע צײַט אין אונדזערע הײַזער, און הערט, וויפל צרות יענע האָבן זיך אָנגעליטן און סוף־כּל־סוף געקומען צוריק אין געטאָ“...

✶

ענדלעך האָט דער קאָמאַנדיר באַשטימט דעם טאָג צו לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. פאַר די פאָר וואָכן האָט מען צוגעגרייט אַ באַדײַטנדיקן זאַפּאַס עסנוואַרג, בהמות, און אויך אַ היפּשע צאָל פערד און וועגענער.

ווידער האָבן מיר זיך געשלעפּט מער ווי אַ וואָך צײַט איבער פעל־דער, וועלדער און טײַכן. מיר זענען אָבער געווען גליקלעך צוריקצוגיין אין פּושטשע. איצט, האָט מען צווישן זיך גערעדט, וועט מען אַמווייניקסטן קאָנען „זיכער“ אָפּזיצן דעם ווינטער אין פּושטשע אָן אַן אָבלאַווע.

ווען מיר זענען אַריבער דעם טײַך בעריאָזאַ און אַרײַן אין דער געגנט פון דער פּושטשע, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט דאָס שוי־דערלעכע בילד פון די נאַצישע אכזריות — די רעזולטאַטן פון דער אָבלאַווע:

פון צענדליקער דערפער, וואָס זענען ביז דאָ ניט לאַנג געווען צע־שפּרייט בײַ די ראַנדן פון וואַלדמאַסיוו — נאַליבאָקער פּושטשע — זע־נען פאַרבליבן בלויז בערגלעך אַש. אויפן גאַנצן וועג, פון טײַך בעריאָזאַ ביז אונדזער אַלטער באַזע, — קיין איין הויז. די פאַרסמאַליעטע קוימענס, ווי אויסטערלישע מצבות, האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ און דאָרט איז אַ מאָל געווען אַ כוטאָר, אַ דאָרף. מיר זענען געגאַנגען דורך תּבואה־פעל־דער מיט רײַפע, שווער־אַראָפּהענגענדיקע זאַנגען, ערטערווײַז פאַרכאַפּטע פונעם פײַער, וואָס די פויערים האָבן שוין ניט באַוויזן אַראָפּצונעמען; דורך פעלדער מיט צונויפגעלייגטע גאַרבן, אויסגעטריקנטע, אָבער קיין

איין לעבעדיק נפש האָבן מיר ניט אָנגעטראָפן, אַפילו אַ בהמה, אַ פערד.

אין שטעטל נאַליבאָק איז ביז דער מלחמה געווען אַ היפּש ביסל ייִדן. ווען דאָס שטעטל איז געוואָרן „יודענריין" האָבן די אָרטיקע גויִים גע־ירשנט דאָס ייִדישע האָב־און־גוטס. די פּויערים פון שטעטל און אומ־געגנט זענען געזעסן אין זייערע הײַזער, באַאַרבעט זייערע פעלדער און האָבן ניט געאַנט, אַז נאָך דעם ווי די נאַציס וועלן פאַרטיק ווערן מיט זייערע ייִדישע שכנים וועט קומען אויף זיי די ריי...

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַ סך פּויערים איז געלונגען, אין דער לעצטער מינוט ממש, צונויפצונעמען די נייטיקסטע שטובזאַכן, דעם לעבעדיקן אינווענטאַר און אַנטלויפן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. זענען די פּאַרטיזאַנער־רייען, נאָך דער אָבלאַווע, פּאַרטאָפּלט געוואָרן.

איבער 20 דערפער האָבן די דײַטשן פאַרברענט אין ראַיאָן פון די נאַליבאָקער וועלדער און די אײַנוווינער פאַרטריבן קיין דײַטשלאַנד אויף שקלאַפן־אַרבעט, כּדי צוצונעמען בײַ די פּאַרטיזאַנער דעם מקור פון שפּײַז, שטיצע און פאַרבינדונג. זיי האָבן אָבער, מיטן פאַרטרײַבן די באַלעבאַטים פון די פאַרזייטע פעלדער, דערגרייכט פּונקט דאָס פאַר־קערטע... אַזאַ שפע פון עסנוואַרג, ווי נאָך דער אָבלאַווע, האָבן מיר נאָך קיין מאָל ניט געהאַט.

*

קעסלערס גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון פופציק מענער און פרויען, האָט ניט באַוויזן צו פאַרלאָזן די פּושטשע. בעתן אָפּטרעטן האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ רינג פון דײַטשישע און פּאָליציייִשע איינהייטן און, בלית־ברירה, זיך צוריקגעצויגן. זיי האָבן זיך פאַרמאַסקירט אונטער קוסטעס אין אַ געדיכטן, פינצטערן וואַלדווינקל און איבערגעלעבט די אָבלאַווע. די דײַטשן האָבן גענישטערט נאָענט לעבן זיי און נאָר דורך אַ נס זיי ניט אַנטדעקט. האָבן זיי אויסגעמיטן די אַלע צרות וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען פאַר די פאָר חדשים נע ונד.

נאָך דער אָבלאַווע האָבן זיי אויסגענוצט דעם מצב, וואָס אַלע אָט־ריאַדן זענען זיך צעלאָפן און זיי זענען געבליבן די איינציקע באַלעבאַטים

אין דעם ראַיאָן, זענען זיי אַוועק אין די דערבײַיִקע דערפער און צונויפ־געגומען פון די ניט־דערבערענטע הײַזער אַלץ וואָס זיי האָבן דאָרט גע־פונען: אַ היפּשע צאָל בלאָנדזשענדיקע בהמות, פערד, הינער און תבואה און אַריבערגעשלעפּט אין וואַלד. זיי האָבן אויך אַריבערגעפירט צו זיך די צוויי קעסלען, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אויף דער אַלטער באַזע. צוזאַמען מיט די פּראָדוקטן וואָס מיר האָבן מיט זיך געבראַכט האָבן מיר שוין געהאַט אַ היפּשן זאַפּאַס פּראָוויאַנט, אַ סטאַדע בהמות און אַפילו 100 הינער. האָבן מיר דאָ דערווײַל אויפגעשטעלט אונדזער ערשטע באַזע נאָכן צוריקקערן זיך אין פּושטשע.

הכלל, באַלד האָט מען פון דאָס נײַ אײַנגעאָרדנט די אַלגעמיינע קיך, אויפגעהאָנגען די קעסלען און איך בין צוריק אַרײַן אין מײַן ראָל אַלס הויפּטקוכער.

די ערשטע צײַט האָב איך געהאַט אַן אמתע באַפרידיקונג פאַר מײַן שווערער אַרבעט. ס׳איז געווען פון אַלץ לרוב. מען האָט שוין ניט גע־דאַרפט זיך טרייסלען איבער אַ קאַרטאָפל אָדער אַ שטיקל פלייש. און דער עולם איז געווען זאַט. אָט די גוטע צײַטן האָבן אָנגעהאַלטן ניט לאַנג. דאָס הייסט, אַזוי לאַנג ווי מיר זענען געווען אויף דער זומערדיקער באַזע. שפּעטער האָט זיך די צאָל מענטשן פאַרטאָפּלט, איז שוין געווען גאַנץ אַנדערש.

ס׳איז אָנגעקומען דער האַרבסט און איידער מען האָט זיך אַרומ־געקוקט האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס. דער לאַנגער קאַלטער ווינטער מיט די טיפע שנייען און ווינטן האָט שוין אויף אונדז געוואַרט. איז געוואָרן ברענענדיק די פּראָבלעם פון באַזאָרגן אַ דאַך איבערן קאָפּ. איצט האָט מען שוין געמוזט האָבן ווינטערדיקע אונטערערדישע שטיב־לעך מיט גענוג געלעגערס פאַר דעם היפּשן געזינדל. האָט דער קאָמאַנ־דיר אויסגעטיילט אַ בריגאַדע בויערס, אויסצובויען אַ צאָל גרויסע אונטערערדישע „שטיבער״, ווו עס זאָל זײַן פּלאַץ צו שלאָפן פאַר עטלעכע צענדליק מענטשן.

די אַרבעט איז אַוועק אין פולן ברען. איצט האָט מען שוין גענוצט

פאַר דעם גרעבערע ביימער. קיין באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך פאַר־שטאַנען אויף אָט דער אַרבעט, האָבן ניט געפעלט.

אַ צווייטע בריגאַדע פון אַ פּאָר הונדערט מענטשן, מענער און פרויען, האָט באַקומען די אויפגאַבע אַרונטערצונעמען דאָס גערעטעניש פון די פעלדער, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר. די באַזע פאַר דער דאָזיקער בריגאַדע האָט מען געמאַכט 8 קילאָמעטער פון דעם פאַר־ברענטן שטעטעלע נאַליבאָק. אויף אָנצופירן מיט דער דאָזיקער וויכ־טיקער אַרבעט איז באַשטימט געוואָרן קיווע, אַ ספּעציאַליסט פון פּרעזערווירן אויף ווינטער קאַרטאָפל. די דאָזיקע באַזע האָט באַקומען דעם נאָמען די „קאַרטאָפל־באַזע". זי איז געווען באַשטימט אַלס צײַט־ווײַליקע, האָט מען זיך דאָרט אויפגעשטעלט אַ גאַנצע ריי קליינע גע־ווינלעכע בײַדלעך.

מכשירים אויף אויסצוגראָבן קאַרטאָפל האָט ניט געפעלט — זיי האָבן זיך געוואַלגערט לעבן די פאַרברענטע הײַזער. וואָלט אַלץ געווען גוט, זענען אָבער אויף דער קאַרטאָפל־באַזע געווען ניט ווייניק פּראָ־בלעמען, וואָס האָבן געשטערט פון אָנהייב דאָס צונויפזאַמלען דאָס גע־רעטעניש אויף שנעל און אין דער געהעריקער מאָס, ביז די שנייען וועלן אָנפאַלן.

26

# מיר שעפּן אוצרות

אַזוי ווי אויף דער קאַרטאָפל־באַזע האָט די קיך ניט געקלאַפּט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און דאָס האָט געשטערט אין דער אינטענסיווער אַרבעט, ווײַל די מענטשן האָבן אַליין געמוזט קאָכן זיך עסן, און צוליב דעם איז פאַרלוירן געגאַנגען צײַט, האָט דער קאָמאַנדיר מיך געשיקט אַהין, איך זאָל דאָרט אָרגאַניזירן די קיך.

ווען איך בין אָנגעקומען אויף דער באַזע און איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן אָנגעשאָטענעם באַרג קאַרטאָפל האָב איך פון התפּעלות אויסגערופן: „גאָט מײַנער, דאָס איז דאָך אַן אוצר!" דאָרט זענען געווען אפשר צענדליקער טויזנטער פודן קאַרטאָפל און קרויט און בוריקעס. וויפל כּוחות און ריזיקע מ'וואָלט באַדאַרפט אָנווענדן, צו ברענגען אין פּושטשע אַרײַן דורך די זומפּיקע וועגן אַפילו אַ הונדערטסטן טייל פון יענעם באַרג קאַרטאָפל! און די חברה האָבן נאָך געהאַלטן אין איין גראָבן יעדן טאָג. מען האָט זיך דאָרטן ממש געבאָדן אין קאַרטאָפל. און וואָס פאַר אַ פּאַטראָוועס האָבן די ווײַבער ניט געמאַכט פון דעם?

די קיך האָט ניט „געקלאַפּט", עס איז ניט געווען אין וואָס צו קאָכן. זיי האָבן געהאַט איין קליינעם אַלטן סאָלדאַטסקן קעסל, נאָך פון דעם צאַרס צײַטן, און עס איז דעריבער געווען קנאַפּ פאַר אַזאַ געזינדל.

אַזוי נאָר ווי איך בין אַרויפגעפאָרן אויף דער באַזע און חברה האָבן דערזען דעם פרײדיק פלייש אין וואָגן, האָט מען זיך מיט מיר דערפרייט. באַלד האָב איך דערהערט ווי מען שרײַט זיך איבער אין די בײַדלעך: „לייזער איז געקומען".

כ׳האָב מיר גוט אַרויפגעאַרבעט. מײַן „פירמע״ אַלס קוכער־ספּעציאַ־ליסט איז דאָ באַקאַנט, און כ׳האָב באַקומען אַזוי פיל אָנבאָטן אַלס סוב־לאָקאַטאָר אין אַ בײַדל, כאָטש נעם און קלייב זיך אויס עטלעכע מיט אַ מאָל.

כ׳האָב מיך אַרײַנגעצויגן אין בײַדל פון אַ לידער יונגן־מאַן, וועלכער איז געווען אַליין, און זיך תּיכּף גענומען צו דער אַרבעט. ווען כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז די צרה איז וואָס עס פעלן קאָך־מכשירים, האָב איך באַלד גענומען דעם באַלעבאָס פון דער קאַרטאָפל־באַזע, קיווען, אײַנגע־שפּאַנט פערד־און־וואָגן און מיר זענען צוגעפאָרן אין דעם אָפּגעברענטן שטעטל נאַליבאָק און האָבן דאָרט געפונען אַן עמאַלירטע וואַנע, וואָס איז געווען שוואַרץ פון דער שׂריפה, מיט נאָך אַ פאַרזשאַווערטער בלעכע־נער כּלי און געבראַכט אויף דער באַזע. די ווײַבער האָבן עס באַלד אויס־געשײַערט מיט זאַמד און הייס וואַסער, אויפגעהאָנגען די וואַנע צווישן צווייביימער אויף דראָטן, און עס איז געוואָרן אַן ערשטקלאַסיקע קיך און דאַן איז שוין די אַרבעט אויף די פעלדער אַוועק...

אין דער צײַט ווען די פרויען זענען אָנגעגאַנגען מיט אויסגראָבן די קאַרטאָפל האָט אַ בריגאַדע מענער צוגעגרייט טיפע גריבער פאַר די קאַרטאָפל („קאָפּצעס״). זיי האָבן גוט געוווּסט ווי צו פאַרזיכערן די קאַרטאָפל פון נאַסקייט און פרעסט, פּלוס אַן „עין־הרע״ פון אַ פרעמד אויג... אַזוי פאַרמאַסקירט, אַז קיינער זאָל ניט דערקענען. פון דעסטוועגן האָבן פרעמדע פּאַרטיזאַנער באַמערקט איין גרוב און צוגעלקחנט די קאַרטאָפל, גראָד דאַן ווען ס׳איז שוין געבליבן גאָר ווייניק.

גלײַכצײַטיק האָט מען גענומען איבערפירן אויף דער ווינטער־באַזע די טרוקענע תּבואה־גאַרבן, וואָס האָבן געדינט אַלס קאָרם פאַר די בהמות און פערד און אַלס בעטצײַג אויף די נאַרעס אין די גרויסע זעמליאַנקעס. שטרוי האָט געקלעקט אויפן גאַנצן ווינטער פאַר די בהמות און פערד (זומער איז ניט געווען קיין דאגה. ס׳האָט ניט געפעלט קיין פּאַשע אויף די פעלדער).

ווער קאָן פאַרשטיין די וועגן פון דער השגחה? מיט איין האַנט

האָט אונדז גאָט געשטראָפט און מיט דער צווייטער געבענטשט... דאַרפן די דײַטשן זיך דערטראַכטן צו אַ ראַפינירטן אײַנפאַל: פאַרברענען די דערפער און פאַרטרײַבן די באַלעבאַטים פון די פאַרזייטע פעלדער, און מיר וועלן פלוצעם אויפגעריכט — די באַלעבאַטים פון דער גאַנצער גערעטעניש.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. אַ ניט קלײנער אוצר איז פאַר אונדז געווען דאָס אָפּגעברענטע שטעטל נאַליבאָק, ווו עס זענען נאָך דער שׂריפה געבליבן די חורבות פון די צעפאַלענע געמויערטע הײַזער, ציגל, איבערגעברענטע בלעך, דראָט, טשוועקעס — איך קאָן מיר ניט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מען וואָלט געקאָנט אויפבויען די ווינטער־באַזע, ווען ניט דאָס פאַרברענטע שטעטעלע נאַליבאָק?

*

די אַרבעט בײַם אויסגראָבן קאַרטאָפל איז געווען צו דערלײַדן אַפילו פאַר אַזעלכע פרויען, וואָס האָבן די דאָזיקע מלאכה קיין מאָל ניט געטאָן. יעדער האָט געאַרבעט מיט גרויס חשק, ווײַל מען האָט דאָך געהאָט דאָס געפיל, אַז מ׳טוט עס פאַר זיך אַליין. אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען וואַרעם האָט מען געקאָנט אַרבעטן אויף די פעלדער אין צערי־סענע שיך, אַפילו באָרוועס און אין אַ לײַכטן צעריסענעם קליידל. אָבער ווען עס האָבן זיך אונטערגערוקט די האַרבסטיקע, נאַסע און קאַלטע וועטערן, איז געווען גאָר ביטער פאַר די וואָס זענען געבליבן נאָך דער אָבלאַווע אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. איז געווען אַ רחמנות אויף די פרויען, ווען זיי פלעגן קומען פון די פעלדער קרוע־בלוע, מיט געשוואָ־לענע פיס.

די איינזאַמע פרויען האָבן אין הינזיכט פון אַ בגד ניט געקאָנט אַליין זיך קיין עצה געבן. האָט אַן איינזאַמע פרוי זיך אַרויסגעהאָלפן דורך דעם, וואָס זי האָט זיך פאַרבונדן מיט אַן איינזאַמען מאַן, וועלכער האָט שוין פון אונטער דער ערד געקראָגן פאַר זײַן „ווײַב" וואָס אָנצוטאָן. ניט זעלטן זענען פון אַזעלכע שידוכים אַרויסגעקומען גענוג קוריאָזן און עס האָט ניט אויסגעפעלט קיין מאַטעריאַל אַ קיבעץ צו טאָן...

ווי עס פלעגט אָבער צופאַלן דער אָוונט האָט מען דאַן פאַרגעסן פון אַלע צרות און פונעם שווערן טאָג אַרבעט ביי די קאַרטאָפל אויף די פעלדער.

די אָוונטן זענען שוין געווען קאַלטע, האָט מען פונאַנדערגעלייגט פייערן, דער גאַנצער עולם פלעגט זיך פונאַנדערזעצן אין אַ קרייז אַרום די פייערן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געזאַנג, וואָס האָט אָפּגעעכאָט ווייט, ווייט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. פון אָנהייב האָט מען געזונגען אין כאָר יידישע לידער, דערנאָך איז מען אַריבער, לויט דער ריי, אויף סאָלאָ. יעדער איינער האָט געמוזט עפּעס געבן — אַ ליד, אַ דעקלאַמאַציע; אַ געפעפערטער וויץ איז אויך געווען אַ גאַנגבאַרע סחורה.

געווען ביי אונדז צוויי שוועסטער, סלאָנימטשיק האָבן זיי געהייסן. זיי האָבן געשטאַמט פון באַלעבאַטישע, פאַרמעגלעכע עלטערן אין לידע (ביידע איצט אין ישראל). די יינגערע האָט געהייסן מירקע. אָט די מירקע האָט זיך אויסגעטיילט אין די ביינאַכטיקע קאָנצערטן צווישן אַלע אַנדערע. זי פלעגט געבן רעציטאַציעס אין העברעיש און האָט געהאַט, געדענק איך, ביי אַלעמען דערפאָלג.

(גיי ווייס, אַז מיט יאָרן שפּעטער וועל איך אָט דער מירקען טרעפן גאָר אין רוים, איטאַליע, און איר בחור, מיט וועמען זי האָט זיך געקליבן חתונה צו האָבן, וועט זיין אַ דערפאָלגרייכער יידישער פּאָעט, וועמענס בוך לידער איך האָב דאָרט געזעצט, און איך וועל זיין אַן עדות אויף זייער חתונה אין דעם גרויסן טעמפּל אין רוים און זיך אויך באַטייליקן אין דער פייערונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן פונעם פאַרבאַנד פון די יידישע שרייבערס און זשורנאַליסטן אין רוים, לכבוד דעם דערשיינען פון זיין ערשטן בוך לידער! דאָס איז געווען דער איצט באַקאַנטער ישראלדיקער דיכטער משה יונגמאַן).

לייגן זיך שלאָפן אין דעם קאַלטן ביידל האָט זיך קיינער ניט געאיילט, איז מען אַזוי געזעסן אַרום די פייערן ביז האַלבע נאַכט. אָט די דאָזיקע אָוונטן האָבן אַריינגעבראַכט אַ בעסערע שטימונג און געהאָלפן פאַרגעסן די צרות. ווען עס פלעגט אין אָוונט רעגענען איז דאָס זינגען

געווען דאָס בעסטע מיטל צו פאַרטרײַבן דעם אומעט און דעם טרויער, וואָס יעדער האָט געטראָגן בײַ זיך אין האַרץ. און כאָטש דער רעגן האָט אַרײַנגעגאָסן אין קאָלנער אַרײַן, האָט עס אָבער אַ האָר ניט געשטערט דעם געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַלע בײַדלעך.

אָט אַזוי האָבן זיך געצויגן די קורצע טעג און די לאַנגע אָוונטן.

איין נאַכט איז אַרויסגעפאַלן אַזאַ טיפער שניי, אַז מען האָט קוים גע־קאָנט אַרויסקריכן פון די בײַדלעך. יענעם טאָג האָט מען שוין מער ניט געקאָנט אַרויסגיין אויף די פעלדער גראָבן קאַרטאָפל. האָט מען אין אַ פּאָר טעג אַרום ליקווידירט די קאַרטאָפל־באַזע און אַלע זענען אַריבער אויף דער ווינטער־באַזע.

אין מיין זכרון זענען פאַרבליבן אַ היפּשע צאָל עפּיזאָדן פון דער קאַרטאָפל־באַזע און, פאַרשטייט זיך, צווישן זיי אויך פּיקאַנטע. מען קאָן זיך דאָך פאָרשטעלן, אַז צווישן דעם געזינדל פון מענער און פרויען, ווו עס האָט געפעלט אַ „משגיח״ אויף דער מאָראַל, האָבן ניט געפעלט קיין פּיקאַנטע מעשׂיות...

27

## אונדזער אָנטייל אין אַלגעמיינעם קאַמף

די ווינטערדיקע באַזע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּאָר קילאָמעטער ווײַט פון דער זומערדיקער. דעם געדיכטן וואַלד האָט דורכגעשניטן אַ „גאַס" און פון ביידע זײַטן — רייען מיט גרויסע „הײַזער", ביז העלפט אין דער ערד, די דעכער געדעקט מיט קאָרע אַראָפּגעשיילטע פון דיביימער (דער רעגן זאָל ניט אַדורך), און פון אויבן אַ דיקע שיכט ערד, פאַרדעקט מיט צווײַגן, וואָס האָבן פאַרמאַסקירט אונדזערע זעמליאַנקעס פון דעם שונאס עראָפּלאַנען.

אויך נאָך דער אָבלאַווע האָבן די דײַטשן אונדז ניט געלאָזט צו רו. זייערע עראָפּלאַנען זענען טאָג־טעגלעך אַרומגעפלויגן איבער די וועלדער און האָבן געלויערט אויף פּאַרטיזאַנער. זיי פלעגן זיך אַראָפּלאָזן זייער נידעריק, אָבער גאָר זעלטן האָבן זיי אַנטדעקט אַ באַזע אונטער די געדיכטע ביימער. ווי נאָר מיר פלעגן דערהערן דאָס גערויש פון די עראָפּלאַנען פלעגן מיר זיך פאַרשטעקן אונטער די געדיכטע צווײַגן און די עראָפּלאַנען האָבן געזען נאָר וואַלד און וואַלד.

פונקט דעם טאָג ווען מ'האָט זיך געקליבן פון דער זומערדיקער באַזע אויף דער ווינטערדיקער זענען פּלוצעם אָנגעפלויגן דײַטשע עראָפּלאַנען און האָבן באַמערקט די קיך, פון וואַנען עס איז גראָד געגאַנגען אַ גרויסער רויך. זיי האָבן אָנגעהויבן שיסן אויף דער קיך פון פּולעמיאָטן. די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען זיך תּיכּף צעלאָפן און קיינער איז ניט געטראָפן געוואָרן. בלויז צוויי עמער זענען צעלעכערט געוואָרן פון די קוילן.

✶

נאָך דעם ווי דער עולם האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין די גרויסע אַל־געמיינע זעמליאַנקעס אויף דער ווינטערדיקער באַזע, האָט דער קאָמאַנ־דיר טוביה בעלסקי אָנגעהויבן צו רעאָרגאַניזירן דעם אָטריאַד.

זינט וויקטאָר פּאַנטשענקאָ האָט צוגענומען צו זיך אַ גרויסן טייל קאָמפּספּעיִקע חברה מיטן געווער האָט בעלסקיס אָטריאַד ניט געקאָנט נעמען קיין אָנטייל אין קאַמף קעגן שונא. ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין דער פּושטשע און געפונען קעסלערס גרופּע, ווו כמעט יעדער האָט געהאַט געווער, און מיטן געווער וואָס מ׳האָט געבראַכט פון דעם ראַ־יאָן — האָט דער קאָמאַנדיר, נאָך אַ באַראַטונג מיט זײַנע שטאַבמענטשן, באַשלאָסן ווידער צו באַנײַען דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף קעגן די דײַטשי־שע גארניזאָנען. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן באַוואָפנטע גרופּעס, צווישן וועלכע איינע איז געווען באַשטימט פאַר דיווערסיע־ און סאַבאָ־טאַזש־אַקטן. אַלס קאָמאַנדיר פון דער דיווערסיע־גרופּע, וואָס איז באַ־שטאַנען פון 20 מאַן, איז באַשטימט געוואָרן לייבוש פּערדמאַן (איצט אין קאַנאַדע). שפּעטער אַ ביסל האָט שוין קיין אויפרייס־מאַטעריאַל, ווי בכלל וואָפן, ניט געפעלט, אַפילו אויך בײַ בעלסקין אין אָטריאַד. דער קאָמאַנ־דיר האָט שוין געפונען אַ וועג ווי אַזוי צו באַוואָפענען זײַנע פּאַרטיזאַ־נער, כאָטש אין יענער צײַט, בעת ס׳פלעגן אַראָפּגעוואָרפן ווערן פּאַראַשוטן מיט געווער פון סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס דער צענטראַלער שטאַב פון גע־נעראַל פּלאַטאָן פלעגט פאַרטיילן צו אַלע אָטריאַדן, האָט בעלסקי, טראָץ זײַנע בקשות, זעלטן געקראָגן צוגעטיילט אַ שטיקל געווער...

אָבער, ווי מען זאָגט, אַ ייִד גיט זיך אַן עצה און בעלסקי האָט שוין געפונען דעם וועג, ווי אַזוי צו קריגן די שפּאָגל־נײַע אויטאָמאַטן דירעקט פון די סאָוועטישע פּליִערס, וועלכע פלעגן זיך גאָר אָפט אַרונטערלאָזן אויף זייערע עראָפּלאַנען אויף דעם פּראָוויזאָרישן לופטפעלד, ניט ווײַט פון אונדזער באַזע.

אין דער זעלבער צײַט האָט בעלסקי געזאָרגט, אַז אויך די ניט־באַ־וואָפנטע זאָלן קאָנען צולייגן אַ האַנט צום אַלגעמיינעם קאַמף קעגן די

מערדערס פון זייערע ברידער און שוועסטער. ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַן אונטערנעמונג, וואָס קיין אַטריאַד־קאָמאַנדיר אין פּושטשע האָט וועגן דעם אַפילו ניט געחלומט: איינאָרדענען וואַרשטאַטן אויף צו פּראָדוצירן אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, פאַר זיך און פאַר די פּאַרטיזאַנער־אָט־ריאַדן אין פּושטשע. קיין פאַכלייט, אויף אַלע געביטן, האָבן ביי אונדז ניט געפעלט.

לכתחילה האָט מען געקאָנט מיינען, אַז ס'איז אַ גאַנץ שיינע אוטאָפּיע. מיר האָבן דאָך ניט געהאָט דאָס מינדסטע ברעקל געצייג, מיט וואָס אָנ־צוהייבן. בעלסקי האָט בעת־מעשה נאָר געזאָגט, אַז אַלץ וואָס מען וועט דאַרפן וועט מען מוזן קריגן פון אונטער דר'ערד... און אַזוי איז טאַקע געווען.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און אונדזערע חברה האָבן אָנגעהויבן ברענגען ניימאַשינען פאַר די שניידערס, קירזשנערס און אַלע אַנדערע נייטיקע געצייג פאַר די פאַרשידענע פּראָיעקטירטע וואַרשטאַטן; דאָס האָבן אונדזערע פּאַרטיזאַנער אָפּגעפונען, אויפן באַפעל פון קאָמאַנדיר, דאָס ייִדיש האָב־און־גוטס, וואָס די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן צוגעראַבעוועט בעת די מאַסן־שחיטות אויף ייִדן אין די שטעטלעך.

די סטאָליאַרעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער בויאַרבעט, האָבן אויפגעשטעלט אַ געביידע, וואָס האָט פאַרנומען 40 מעטער די לענג און 10 מעטער די ברייט פאַר די ערשטע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן באַשעפטיקט פרויען־ און מענער־שניידערס, וועשנייטערינס, שוסטערס, סטאָליערס, שטעפּערס, רימערס, היטל־מאַכערס און זייגער־מאַכערס. אַחוץ דעם זענען אין באַזונדערע זעמליאַנקעס איינגעאָרדנט געוואָרן וואַר־שטאַטן צו פאַרריכטן געווער און אַ שמידעריי צוזאַמען מיט אַ שלאָסעריי.

*

פאַר דער לעצטער צייט זענען אין אונדזער מחנה צוגעקומען אַרום 300 מענטשן. די דאָזיקע ייִדן זענען געקומען פון דריי ערטער: 50 מענער און פרויען זענען אַנטלאָפן, אויפן וועג צום באַן, בעת די נאַציס האָבן ליקווידירט די לידער געטאָ; אַ צווייטע גרופּע, 150 מענער, איז אַנט־

לאָפּן פֿון לאַגער אין נאָוואָגרודעק, און די דריטע גרופּע, קנאַפּע 100, אויך בלויז מענער, איז אַנטלאָפֿן פֿון לאַגער קאָלדיטשעווע (לעבן באַ־ראַנאָוויטש).

אין נאָוואָגרודקער לאַגער זענען געווען פֿאַרשפּאַרט 250 ייִדן אָן אויסזיכטן צו בלײַבן לעבן. האָבן זיי געמאַכט אַ פּרווו צו אַנטלויפֿן דורך אַן אונטערערדישן טונעל, וועלכן זיי האָבן געגראָבן אין די נעכט, במשך אַ לאַנגער צײַט. 100 זענען געכאַפּט געוואָרן בײַם אַנטלויפֿן.

צווישן די געקומענע זענען געווען גוטע בעלי־מלאכות. האָט דער אָטריאַד מיט אַ מאָל באַקומען אַ היפּש ביסל פֿאַכלײַט, וועלכע זענען טאַקע גאָר שטאַרק צו ניץ געקומען מיט זייערע פֿאַך־קענטענישן אין די וואַרשטאַטן און אַנדערע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן צו יענער צײַט אָנגעהויבן צו פֿונקציאָנירן.

אין דער קאָלדיטשעווער גרופּע האָבן זיך געפֿונען אייניקע גאַרבערס, גוטע פֿאַכלײַט. ווען די גאַרבערס האָבן דערזען, אַז די פֿעלן פֿון די געשאָכטענע בהמות באַגראָבט מען אין דער ערד, זענען זיי געקומען צום קאָמאַנדיר מיט אַ פּלאַן: אויב מען וועט זיי צושטעלן וואָפּנע און געצײַג וועלן זיי פֿאַרלייגן אַ גאַרבערײַ. דער קאָמאַנדיר האָט שוין געזאָרגט, אַז זיי זאָלן האָבן אַלץ, וואָס זיי דאַרפֿן נייטיק. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די גאַרבערײַ האָט אָנגעהויבן צו געבן פּראָדוקציע. וויפֿל מי און אַרבעט האָבן די גאַרבערס אַרײַנגעלייגט אין דער גאַרבערײַ איידער זיי האָבן דערלעבט צו זען דאָס ערשטע פֿאַרטיקע פֿעלעכל ווייכע לעדער! און די שוסטערס האָבן אויפֿגענייט עטלעכע פּאָר שטיוול פֿאַר אייניקע פֿון די שטאַבמענטשן. האַרטע לעדער האָבן זיי שוין ניט באַוויזן צו מאַכן, די סאָוועטן האָבן אונטערגעשאַלט מיט זייער אָפֿענסיווע, און מיר זענען באַפֿרײַט געוואָרן.

28

## געלייזט די ברויטפּראָבלעם

ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די ווינטער־באַזע איז באַשלאָסן גע־וואָרן אַז אין דער ערשטער ריי מוז אויסגעבויט ווערן אַ זעמליאַנקע פאַר אַ בעקערײַ, כּדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו לייזן די פּראָבלעם פון מאַנגל אין ברויט. האָבן די סטאָליאַרעס באַלד אַוועקגעשטעלט אַ גרויס אונטער־ערדיש הויז.

אין דער מחנה איז געווען אַ ייִד אַן אויוון־מאַכער (גאָנטשאַר אויף רוסיש, מיר האָבן אויף ייִדיש דאָס וואָרט אַקצעפּטירט), ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט. אָט דער ייִד האָט אַוועקגעשטעלט דעם אויוון און די סטאָליאַרעס האָבן געמאַכט די דייזשעס, לאָפּעטעס אאַז״וו. און עס איז אַרויסגעקומען אַ בעקערײַ, ווי אַ מאָל אין דער היים...

אַז די בעקערײַ איז געוואָרן פאַרטיק איז געבליבן צו לייזן די הויפּטפּראָבלעם: מעל. אַ געוויסן זאַפּאַס פון קאָרן און ווייץ האָבן מיר געהאַט און צו קריגן נאָך קאָרן איז ניט געווען קיין גרויסע דאגה. איז מען געפאָרן אין ווײַטערע דערפער, אויף דער אַנדערער זײַט ניעמאַן און מען האָט גענומען וויפל מען האָט באַדאַרפט בײַ די פּויערים. אָבער די צרה איז דאָ געווען מיטן מאָלן. די מילן האָבן די דײַטשן געהאַט פאַרברענט אין געגנט פון דער פּושטשע. און טאָמער איז יאָ געבליבן ערגעץ ווײַט אַ מיל, איז זי געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פון די דײַטשן. פון דעסטוועגן האָבן אונדזערע חברה אַ פּאָר מאָל געמאָלן אין יענער מיל. עס איז אָבער יעדער מאָל געווען פאַרבונדן מיט גרויס סכּנה און ס׳איז געווען שווער צו שלעפּן זיך אַהין און צוריק איבער די זומפּיקע

וועגן. איז געבליבן איין אויסוועג — מאַכן אַן אייגענע מיל.

די פּויערים אין די דערפער האָבן כמעט אַלע געהאַט היימישע מילן — זשאָרנעס. אין דער אַלטער היים האָט מען מיט אַזעלכע זשאָרנעס אַ מאָל געמאַכט רעטשענע גרויפּן און די באַלעבאָסטעס האָבן פון דעם געבאַקט אַ רעטשישניק אויף שבת. בקיצור, חברה האָבן געבראַכט צו שלעפּן עטלעכע שטיינער, די סטאָליערס און די שלאָסערס האָבן זיך אַ נעם געטאָן, עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר האָבן שוין געהאַט אַן אייגענע מיל.

עס האָט זיך באַלד אָפּגעפונען אַ ייִד, וועלכער איז געווען אין דער היים אַ מילנער און האָט געקענט גוט דעם דאָזיקן פאַך. האָט מען אים געמאַכט פאַרן פאַרוואַלטער איבער דער מיל. פון אָנהייב זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן אַ גאַנצן טאָג געדרייט דאָס ראָד מיט די הענט און די מיל האָט געמאָלן. שפּעטער אַ ביסל האָבן חברה, זײַענדיק אויף אַ ווירטשאַפטס־אויפגאַבע, געפונען אַ „מאַניעזש" און אים געבראַכט צו שלעפּן אויף דער באַזע. די באַלמעלאָכעס האָבן אים צוגעריכט צו דער מיל און אַ פּאָר פערד האָבן אַ גאַנצן טאָג באַוועגט דעם מאַניעזש. דאַן איז די מיל אַוועק מיט דער פולער פּאַרע און אויך געמאַכט גרויפּן פאַר דער אַלגעמיינער קיך.

*

אינעם אויוון זענען אַרײַנגעגאַנגען 80 לעבלעך ברויט צו איין קילאָ אַ לאַבן. די בעקערײַ האָט געאַרבעט אַ גאַנצן מעת־לעת אָן איבעררײַס. אַזוי אַרום איז די ברויטפּראָבלעם געלייזט געוואָרן. אַ לעבל ברויט איז געטיילט געוואָרן פאַר פיר פּערזאָן אַ טאָג. דאָס איז געווען פאַר אַנדערע אַפילו צו קנאַפּ, אָבער אַלע זענען געווען צופרידן ביז גאָר, קיינער האָט אויף אַ מינוט ניט פאַרגעסן די צײַט, ווען מען האָט אויסגעקוקט די אויגן אויף אַ שטיקל ברויט.

מ׳האָט אויך ניט פאַרגעסן דעם זעקס־טאָגיקן הונגער אין דער צײַט פון דער אָבלאַווע. האָט מען אַ טייל פונעם ברויט געשניטן און געטריקנט סוכאַרעס אין אויוון, און יעדער האָט געהאַט בײַ זיך אין זעמליאַנקע אַ

קליין טאַרבעלע מיט סוכאַרעס, גרייט מיטצונעמען אין פֿאַל פֿון אַן אָב־לאַווע.

מען האָט אין דעם אויוון אויך געשטעלט טשאָלנטן. ניט נאָר אויף שבת, נאָר אויך אין אַ געוויינלעכן מיטוואָך. פֿאַרשטייט זיך, ניט אַלע. קאַרטאָפֿל האָט דאָך ניט געפֿעלט, האָבן מאַנכע וויַבער גאַנץ אָפֿט אַריַנ־געשטעלט אין אויוון אַ בלעכל מיט קאַרטאָפֿל, נאָך דעם ווי מען האָט אַרויסגענומען דאָס ברויט, און מען האָט זיך מחיה געווען מיט אַ ביסל טשאָלנט און דערמאָנט די אַמאָליקע טשאָלנטן...

די בעקערײַ האָט געדינט פֿאַר נאָך אַ צוועק. אין די ווינטערדיקע קאַלטע אָוונטן זענען דאָרטן איין טאָג אין וואָך איַנגעאָרדנט געוואָרן רעפֿעראַטן אָדער לעקציעס אויף פֿאַרשידענע טעמעס און דער עולם פֿלעגט אַרויסגיין אַן אָפּגעפֿרישטער נאָך אַזאַ אָוונט.

דער לעקטאָר איז געווען ד״ר שמואל אַמאַראַנט, ביזן חורבן דער דירעקטאָר פֿון העברעיִשן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. ער איז געקומען מיט זײַן פֿרוי טאַמאַראַ אין אַטריאַד נאָך דער ליקווידאַציע פֿון לידער־געטאָ מיט די פּופּציק, וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. דער עולם האָט געגאַרט צו הערן אַ דערמוטיקנדיק וואָרט און געווען אויסגע־הונגערט נאָך נײַעס פֿון פֿראָנט (שפּעטער אַ ביסל האָט שוין דער צענ־טראַלער שטאַב געהאַט אַ דרוקערײַ און געדרוקט נײַעס־בולעטינען און צײַטונגען, איז מען שוין געווען אינפֿאָרמירט מער־ווייניקער וועגן גאַנג פֿון דער מלחמה). אַ מאָל אין אַ יובל פֿלעגט פֿאַרבלאָנדזשען אין שטאָב אַן אַלטער נומער „פּראַוודאַ״ צי „איזוועסטיאַ״, פֿלעגט ד״ר אַמאַראַנט צונויפֿנעמען וועלכע ניט איז אינפֿאָרמאַציעס, פּלוס זײַן אינטויִציע און אַ העלע פֿאַנטאַזיע צונויפֿגעשטעלט אַ רעפֿעראַט און דערבײַ אַרײַנ־געהויכט אַ ביסל אָפּטימיזם און האָפֿענונג אין אונדזערע הערצער, און דער עולם האָט זיך געקוויקט און איז געווען דאַנקבאַר דעם ליבן ד״ר אַמאַראַנט, וועלכן אַלע האָבן געשעצט און רעספּעקטירט.

ד״ר אַמאַראַנט האָט געטאָן אין דער מחנה נאָך אַ וויכטיקע אַרבעט. ער פֿלעגט יעדן טאָג אויפֿנעמען גביות־עדות בײַ אַ צאָל מענטשן וועגן

די נאַציִשע רציחות אין זייערע שטעטלעך. דער קאָמאַנדיר האָט געזאָרגט אַז ער זאָל האָבן שרײַב־מאַטעריאַל און אים באַזאָרגט מיט אַ באַזונדער שטיבל פאַר דעם צוועק.

ער האָט צונויפגעזאַמלט ווערטפולע מאַטעריאַלן. לײדער איז דער מאַטעריאַל אַרײַנגעפאַלן צו דער סאָוועטישער געהיים־פּאָליציי, וועלכע האָט אַרעסטירט ד״ר אַמאַראַנטן מיט זײַן פרוי טאַמאַראַ, ווען זיי האָבן זיך נאָך דער מלחמה געלאָזט מיט דער „בריחה״ שוואַרצן די גרענעץ פון רוסלאַנד.

אַ דאַנק אַ נס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן צו דערגרייכן ארץ־ישראל.

✶

אין די געווער־וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט 2 שלאָסערס, גוטע פאַכ־לײַט. זיי זענען געווען אַזעלכע ספּעציאַליסטן, אַז זיי האָבן בײַם פאַרריכטן דאָס געווער גאַנץ אָפט געמאַכט מיט זייער פּרימיטיוון געצײַג געוויסע טיילן צו אַ ביקס אָדער צו אַ פּולעמיאָט, און עס איז אַרויסגעקומען אַזוי פּרעציז, אַז עס האָט אַרויסגערופן חידושים אויך בײַ דער העכערער נאַ־טשאַלסטווע. זיי האָבן צונויפגעשטעלט ביקסן פון פאַרזשאַווערטע טיילן, וואָס מען האָט פון ערגעץ צונויפגעשלעפּט, און אַזוי אַרום זענען צוגע־קומען ביקסן אין וועלכע מען האָט זיך שטאַרק גענייטיקט.

גאָר אַ וויכטיקע אַרבעט האָבן געטאָן די סטאָליאַרעס. פאַר זיי האָט קיין מאַטעריאַל אין וואַלד ניט געפעלט. פון די ביימער האָבן זיי אַלײן געזעגט ברעטער מיט אַ ברייטער און לאַנגער זעג. געצײַג האָבן די חברה זיי געבראַכט פון כּל־המינים — גרויסע און קליינע הובלען, דלאָטן, האַמערס אאַז״וו. און וואָס האָבן די סטאָליאַרעס פונעם האָלץ ניט אויסגע־אַרבעט? אַז זיי פלעגן מאַכן אַ קאָלבע צו אַ ביקס, האָט זיך דער שלאָס אַרײַנגעפּאַסט אַזוי פּרעציז, אַז מען האָט טייל מאָל ניט דערקענט, אַז די ביקס איז ניט געמאַכט געוואָרן אין אַ פאַבריק. הונדערטער אַזעלכע קאָל־בעס האָבן די סטאָליאַרעס געמאַכט סײַ פאַרן אייגענעם אָטריאַד און סײַ פאַר אַנדערע אָטריאַדן. חוץ דעם, האָבן זיי אויסגעאַרבעט פונעם האָלץ סאַנדאַלן, וואָס האָבן פאַרביטן שיך, אין וועלכע עס איז געווען

אַ גרויסער דוחק. זיי האָבן אויך געמאַכט גרויסע און גאָר הויכע פּעסער (טשאַנעס) פאַר דער גאַרבערײַ, אין וועלכע מען האָט געווייקט די פעל אינעם וואַפּנע. צוויי פעסער האָבן זיי אויך געמאַכט פאַר דער באָד. די באָד איז געווען אַן אמתע אַטראַקציע אין וואַלד און האָט אַרויסגערופן גרויס חידוש בײַ די געסט, וועלכע פלעגן אָפט קומען צו בעלסקין פון פאַרשידענע אָטריאַדן.

✶

בײַ די שנײַדערס איז געווען אַ שפע פון אַרבעט. ווער האָט צו זיי ניט געמוזט אָנקומען? מען איז פון דער אָבלאַווע אַרויס אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, האָבן זיך די שנײַדערס פאַרנומען ווי עס איז צו פאַרלאַטען די בגדים אָדער זיי איבערניצעווען, אַז עס האָט זיך נאָר געלאָזט. פון צײַט צו צײַט האָבן אונדזערע פאַרטיזאַנער בײַ די פויערים געפונען צו־געגרויבטע ייִדישע בגדים, האָבן זיי עס געבראַכט אין אָטריאַד און די שנײַדערס האָבן פון דעם עפּעס געמאַכט. אַזוי אַרום האָט מען זיך צו ביסלעך אַרומגעלאַטעט. אָבער אין דער אמתן איז געווען גאָר ניט אַזוי לײַכט צוצוקומען צו די שנײַדערס, זיי זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַר־בעט. מיר זענען דאָך געווען אַ גאַנץ היפּש געזינדל, מען קאָן זאָגן — שיער ניט אַ גאַנץ שטעטל... אויסער דעם האָט מען צו זיי געבראַכט ניט ווייניק אַרבעט פון אַנדערע אָטריאַדן, וואָס זיי האָבן אויך געמוזט מאַכן. האָט מען געדאַרפט וואַרטן מאָנאַטן אין דער ריי. און וואָס פאַר אַ טענות האָט מען געקאָנט צו זיי האָבן?

צו די שוסטערס איז געווען נאָך שווערער אָנצוקומען, ווײַל שוכוואַרג האָט זיך געריסן שנעלער ווי די בגדים. דאָס שוכוואַרג האָט זיך כּסדר געווייקט אין דער נאַסקייט, צי דאָס איז געווען אין טיפן שניי, צי ווען דער שניי איז צעגאַנגען — אין בלאָטעס. איז דאָס שוכוואַרג צעפוילט געוואָרן. אין דער ערשטער ריי, צו פאַרריכטן זייערע שטיוול אָדער שיך זענען, נאַטירלעך, געווען די, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף פאַרשי־דענע אויפגאַבעס. דאָס איז געווען מער ווי רעכט, ווײַל מען האָט דאָך זיי ניט געקאָנט שיקן אין וועג מיט צעריסענע שטיוול. בינו לבינו, איז

אויסגעקומען אַזוי, אַז די וועלכע האָבן זיך שטענדיק געפונען אויף דער באַזע האָבן געמוזט וואַרטן מערערע וואָכן, אַז די שוסטערס זאָלן פאַר־לאַטען זייערע שיך. און ווידער, ווער האָט געקאָנט האָבן צו זיי טענות? ס׳האָבן אָבער ניט געפעלט אַזעלכע.

✶

דער אָטריאַד האָט פאַרמאָגט אַן ערך 50 פערד מיט וועגענער. פאַר די פערד האָט מען געדאַרפט האָבן געשפּאַן־אויסשטאַטונג. אין דער ער־שטער צײַט האָט מען נאָך בײַ אַ פּויער געקאָנט געפינען עפּעס פון דעם מין, אָבער שפּעטער ניט. האָבן דאַן די רימערס אָנגעהויבן אויסאַרבעטן כאָמעטן, זאָטלען אאַז״וו, פאַרן אייגענעם געברויך און אויך פאַר אַנדערע אָטריאַדן.

איין טאָג, ווען איך בין געשטאַנען און געמישט אינעם קעסל די זופּ, האָב איך דערהערט מיט אַ מאָל אַ קלאַפּערײַ מיט האַמערס אין אַ קאָ־וואַדלע. האָב איך געפרעגט בײַ די חברה, וואָס האָבן געזעגט האָלץ: וואָס איז דאָס?

„איר ווייסט נאָך ניט, אַז מיר האָבן שוין אַ קוזניע״? — האָבן זיי געענטפערט.

בין איך שוין געווען אַ בעלן תּיכּף צו גיין אַ קוק טאָן פון וואַנעז עס האָט זיך מיט אַ מאָל גענומען אַ קוזניע.

ניט ווײַט פון דער קיך איז געשטאַנען אַן אמתע קוזניע מיט אַלע קלאַפּער־געצײַג — מיט אַ קאָוואַדלע און קליינע און גרויסע האַמערס און, ווי זשע אַנדערש, אַ בלאָזזאַק אויך. קיין אַרבעט האָט די שמידן ניט געפעלט. ווײַ וואָלט געווען אָן אַ שמידערײַ, אין דער צײַט ווען די וועגענער האָבן זיך אַלע ווײַלע געבראָכן אויף די שלעכטע וועגן! און ווי אַזוי וואָלטן די פערד געקאָנט שטעלן אַ טריט בעת די ערשטע פרעסטלעך, ווען ס׳איז אויף די וועגן געוואָרן גליטשיק?

✶

די נאָוואָגרודקער היטל־מאַכערס, צוויי ברידער, זענען געווען ביז גאָר פּאָפּולער אין דער גאַנצער פּושטשע. צו זיי זענען געקומען פּאַרטי־

זאַנער פֿון אַלע אַטריאַדן, ווי צו גוטע ייִדן... יענעם ווינטער איז דער חלום פֿון יעדן רוסישן פּאַרטיזאַן געווען אַ קאָזאַקן־היטעלע. אַ פּאַרטיזאַן אין אַ „קובאַנקע״ האָט טאַקע אויסגעקוקט מעשׂה־העלד. ביידע ברידער האָבן צוזאַמען מיט צוויי טעכטער פֿונעם עלטערן ברודער געאַרבעט „אײַ־בערשעהען״ און האָבן ניט געקאָנט נאָכקומען די אַלע באַשטעלונגען, וואָס מען האָט זיי געבראַכט. זיי פֿלעגן זיך ווּיצלען, אַז ווען זיי וואָלטן אַ מאָל אין דער היים געהאַט אַזוי פֿיל קונים, ווי אין וואַלד, וואָלטן גאַנץ נאָוואָ־גרודקער הײַזער געהערט צו זיי...

די צוויי זייגער־מאַכערס זענען באמת געווען „יחסנים״, ווייל זיי זענען זיכער געווען די איינציקע אין דער גאַנצער פּושטשע, וועלכע האָבן געהאַט געצײַג, כאָטש זייער ווייניק, וואָס זיי האָבן, אַ פּנים, געבראַכט אין וואַלד פֿון געטאָ. צענדליקער קילאָמעטערס פֿלעגן די רוסישע פּאַרטי־זאַנער זיך שלעפּן צו זיי צו פֿוס, כּדי צו פֿאַרריכטן אַ זייגער. אין דער אמתן האָט מען זיך אין וואַלד געקאָנט באַגיין אָן אַ זייגער, פּונקט ווי מען איז זיך באַגאַנגען אָן אַ סך זאַכן, אָבער איינע פֿון די גאָר גרויסע פֿאַרגעניגנס בײַ אַ רוסישן פּאַרטיזאַן איז געווען צו האָבן בײַ זיך אַ טאַשן־זייגער. עפּעס אַ קלייניקייט, אַ „טשאַסי״.

צווישן די פּאָפּולערסטע אין אַטריאַד איז אויך געווען חנה די וועש־נייטאָרין. ניט געווען קיינער אין דער מחנה, וואָס האָט ניט באַוווּנדערט די איידעלע אַרבעטזאַמע פֿרוי, וואָס האָט, דאַכט מיר, געאַרבעט מער ווי אַנדערע פֿרויען אין די וואַרשטאַטן, כּדי צו באַווײַזן אויפֿפּצונייען פֿאַר איינעם אַ העמד, פֿאַר אַ צווייטן אַ רובאַשקע... ווי דאַנקבאַר, געדענק איך, בין איך איר געווען, ווען זי האָט מיר אויפֿגענייט אַ העמד פֿון דיקן פּויערישן לײַוונט, פֿון וועלכן די פּויערים פֿלעגן מאַכן זעק, וואָס כ׳האָב געקראָגן פֿון שטאַב. דאָס העמד האָט מיר, אמת, אָפּגעריבן די הויט פֿון מײַן לײַב, ווײַל עס איז געווען אַזוי האַרט, ווי אַ ראַגאָזשע. עס האָט גענומען אַ פּאָר טעג ביז איך האָב מיך צוגעוויינט צו דער אומבאַקוועמלעכקייט. און וואָס פֿאַר אַ ראָלע האָט געשפּילט אַזאַ קלייניקייט לגבי דעם אָנגענעמען געפֿיל פֿון טראָגן אַ גאַנץ העמד.

אַ ביסל שפּעטער, ווען די סאָוועטישע עראָפּלאַנען האָבן גענומען אַראָפּוואַרפן פּאַראַשוטן מיט געווער האָבן די רוסישע אָטריאַדן געבראַכט די פּאַראַשוטן אין בעלסקיס וואַרשטאַטן; און וואָס האָבן די שנײַדערס פון דעם ניט אויסגעאַרבעט? — פון די זעק האָט מען אויפגעגנייט הויזן און רעקלעך, פונעם זײַד — וועש און רובאַשקעס. אַזאַ פּאַראַשוט איז געווען ממש אַן אוצר אין וואַלד. איין מאָל האָט בעלסקי אויך געקראָגן פון צענטראַלן שטאָב פאַר זײַן אָטריאַד אַ פּאַראַשוט, האָבן זיך דאַן פון דעם באַקליידט די מער פאַרדינסטפולע פּאַרטיזאַנער. פון די שנורן, געדענק איך, האָבן אייניקע פרויען אויסגעשטריקט סוועטערלעך, און ווען די יונגע פרויען האָבן זיך פרילינג אויסגעפּוצט אין די סוועטערלעך האָבן זיי געקליבן פון זיך נחת און הונדערטער אַנדערע האָבן זיי מקנא געווען...

29

# אַ ווורשטפֿאַבריק, אַ באָד און אַ שפּיטאָל

די צווייטע וויכטיקסטע אונטערנעמונג, נאָך דער בעקערײַ, איז געווען די ווורשטפֿאַבריק. עס האָבן זיך בײַ אונדז געפֿונען ווורשטמאַכער, גוטע פֿאַכלײַט. האָבן זיי איין מאָל געמאַכט אויף אַ פּראָבע ווורשט. אַזוי ווי עס איז אַרויסגעקומען זייער גוט איז אַנטשטאַנען אַ פּלאַן: מאַכן אַ ווורשטפֿאַבריק!

דער קאָמאַנדיר האָט געהייסן די חברה ברענגען גרויסע פֿלייש־מאַשינקעס. די מאַשינקעס זענען באַלד געוואָרן. מען האָט אַוועקגעשטעלט מענטשן, וואָס האָבן מיט די הענט געמאָלן דאָס פֿלייש. באַלד איז אויך אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלער אויוון אויף צו רייכערן די ווורשט און אַנדערע מינים פֿליישן. די ווורשטפֿאַבריק האָט גאָר גיך אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פּראָדוקציע און איז באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער פּושטשע. די רוסישע אָטריאַדן האָבן געבראַכט בהמות צו בעלסקין און מען האָט פֿאַר זיי אויסגעאַרבעט ווורשט. ערשט דאַן איז געקומען אַ מזל־ברכה אויף אונדזער מחנה: די ביינער וואָס פֿלעגן איבערבלײַבן נאָכן פֿאַרוואַנדלען אַ בהמה אין ווורשט פֿלעגן אַרײַנגיין אין קעסל פֿון דער אַלגעמיינער קיך... דערצו פֿלעגט נאָך איבערבלײַבן דער גאַנצער „פּאָד־ראָב״. אַזוי אַרום האָט די ווורשטפֿאַבריק געבראַכט פּראָפֿיט.

ניט אַלע אין אָטריאַד האָבן געגעסן פֿון דעם ווורשט. נאָר די וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף קאַמף־אויפֿגאַבעס אָדער די וואָס האָבן זיך געפֿונען אויף די וואַכפּאָסטנס, ווײַט פֿון דער באַזע, במשך טעג און נעכט, פֿלעגן באַקומען ווורשט. דעם 1טן מאַי, געדענק איך, האָבן אַלע באַקומען

צו שטיקלעך ווורשט. דעמאָלט איז טאַקע געווען פאַר אונדז אַן אמתער יום־טוב.

*

זעלטן ווער עס האָט געהאַט אַ שטיקל זייף, וואָס איז אים איבערגע־בליבן פון געטאָ. ווער עס האָט יאָ פאַרמאָגט, האָט זיך איבער דעם גע־טרייסלט, געציטערט צו געבן אַן איבעריקן רײַב... די הענט האָט מען אָפּגעריבן מיט זאַמד. אָבער וואָס האָט מען געזאָלט טאָן מיט אויסוואַשן אַ העמד? האָט מען צו דעם אויך אַן עצה געפונען. מען האָט אַרויסגע־שאַרט אַ ביסל אַש פון אונטערן קיכקעסל און מען האָט מיט דעם געקאָכט אין אַן עמער די וועש (כמו לויג)... קען מען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ קאָליר דאָס העמד האָט געהאַט. אָבער ווען מען האָט עס געאַרט, אַבי די לײַז האָבן ניט געביסן...

אָבער גאָר פּלוצעם זענען מיר אויפגעריכט געוואָרן.

צווישן די באַלביטשעווער האָט זיך געפונען אַ ייִד, וואָס האָט גע־ווּסט ווי אַזוי מען מאַכט זייף. איז ער געקומען צום קאָמאַנדיר און געזאָגט, אַז אויב מען וועט אים געבן חלב, וועט ער מאַכן זייף פאַר אַלע־מען. ער האָט געקראָגן אַ קליין קעסעלע, וואָס האָט זיך ערגעץ געוואַל־גערט און דער ייִד האָט פאַרלייגט אַ „זייף־פאַבריקל". חלב איז דאָך געווען פון די בהמות געגנוג, אָבער ווי אַזוי דער ייִד האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט די אַנדערע אַרטיקלען, וואָס מען דאַרף צום מאַכן זייף, האָב איך קיין אַנונג ניט. איך האָב נאָר געזען, אַז ער האָט געצויגן סמאָלע פון די ביימער און פון דעם איז די זייף אַרויסגעקומען שוואַרץ. איז ווע־מען האָט עס געאַרט? אַבי עס האָט אַרויסגעגעבן נעבעכדיקע מולינעס. איך געדענק, אַז עס האָט זיך מיר געוואָלט מאַכן איבערן ערשטן שטיקל זייף אַ שהחינו.

אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען וואַרעם אין דרויסן איז מיטן וואַשן זיך קיין פּראָבלעם ניט געווען. מען האָט אָנגעוואַרעמט אַן עמער וואַסער און מען איז מיט דעם אַוועק טיפער אין וואַלד און מען האָט זיך אַרומ־געוואַשן. ערגער איז געוואָרן, ווען דער ווינטער האָט זיך געשטעלט און

מען האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט אַרומוואַשן אין דרויסן און אין די זעמליאַנקעס איז געווען אַ גרויסע ענגשאַפט. אין אַ גאַר דעליקאַטער לאַגע זענען געווען די פרויען. מען האָט געוווינט צוזאַמען און געשלאָפן אויף דער זעלבער לאַנגער נאַרע, האָבן די פרויען נעבעך געמוזט טראָגן אַן עמער וואַסער אין דרויסן און אין דער קעלט זיך אַרומוואַשן... טראָץ דעם אָבער וואָס יעדערער האָט געזאָרגט פאַר דער היגיענע פון זײַן גוף, איז צוליב דער ענגשאַפט אין די זעמליאַנקעס אויסגעבראָכן אַ טי־פוס־עפּידעמיע.

איז די ברענענדיקע פראַגע געוואָרן — אַ באָד.

אַ ספּעציעלע בריגאַדע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, און אָט שטייט שוין אַ גרויסע געבײַדע בײַם סאַמע עק פון דער באַזע, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ שטייענדיק נידעריק וואַסער. אויסער דעם האָט מען דערבײַ אויסגעגראָבן צוויי ברינעמער. די סטאָליאַרעס און די שלאָסערס האָבן אײַנגעאָרדנט אַלע אינעווייניקסטע אײַנריכטונגען פאַר דער באָד. דעם ערשטן פידל, אַזוי צו זאָגן, האָט ווידער געשפּילט דער גאַנטשאַר, וועלכער האָט געמאַכט דעם אמתן אויוון, וואָס האָט געליפערט הייס וואַסער, און דער עיקר — פאַרע פאַר דעם באַזונדערן צימער, ווו די סטאָליאַרעס האָבן געמאַכט אַ פּאָל פונקט ווי אין דער היימישער שוויצבאָד. פון פאַרברענטן נאַליבאָק האָבן די חברה געבראַכט צו שלעפּן רערן און קראַנען און עס איז אַרויס אַ באָד, גענוי ווי אין היימישן שטעטל.

לעבן אויוון איז צוגעבויט געוואָרן אַ קליין, נידעריק צימערל, וואָס האָט געדינט אַלס דעזינפעקטאָר. די היץ איז דאָרט געווען גרויס און אין דער צײַט ווען מען האָט זיך געוואַשן האָט מען דאָרט אויפגעהאָנגען די בגדים און וועש, כּדי די לײַז זאָלן זיך אין דער היץ אויספּאַרען... אַזוי אַרום האָט דער דעזינפעקטאָר געהאָלפן אָפּצושטעלן די טיפוס־עפּידעמיע.

דעם אמתן גן־עדן האָבן דערשפּירט די חברה, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון אַן אויפגאַבע. אָפּוואַלגערנדיק זיך וואָכן אין וועג, זע־נען זיי געקומען פאַרשמוצטע און פאַרלײַזיקטע. פאַר זיי איז די באָד גע־ווען ממש אַ רעטונג. ווען זיי האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער אויבער־

שטער באַנק אויפֿן פּאָל, מיטן בעזעמל, בעת די הייסע פּאַרע האָט צע־וואַרעמט זייערע צעפֿרוירענע גלידער.

די באָד איז געווען טעטיק אַ גאַנצן טאָג און ספּעציעלע בעדערס האָבן געזאָרגט, אַז עס זאָל ניט פֿעלן קיין הייס וואַסער. יעדע זעמליאַנקע האָט געהאַט אַ באַזונדערן טאָג צו גיין אין באָד אַרײַן זיך וואַשן.

בעלסקיס שוויצבאָד איז גאָר גיך באַרימט געוואָרן אין אַלע רוסישע אָטריאַדן פֿון דער פּושטשע און האָט אַרויסגערופֿן אויך באַגײַסטערונג אין שטאַב, און גענעראַל פּלאַטאָן איז איין מאָל אַראָפּגעקומען אין דער מחנה און איז געווען אין גרויס התפּעלות פֿון דאָזיקן אויפֿטו, דערבײַ געלויבט דעם קאָמאַנדיר און די מענטשן, וואָס זענען געווען פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַרן אויפֿשטעלן די שוויצבאָד. אַלס קוכער האָב איך געקראָגן די פּריווילעגיע יעדן טאָג צו ניצן די באָד, און באַלד ווי כ׳האָב צעטיילט פֿרישטיק איז מײַן פּלאַץ געווען אויפֿן פּאָל. האָט מען דען באַדאַרפֿט האָבן אַ בעסערן פֿאַרגעניגן?

*

אין דער זעלבער צײַט איז אויך געלייזט געוואָרן די פֿראַגע פֿון אַ שפּיטאָל. די טיפֿוס־קראַנקע האָט מען געמוזט תּיכּף צונעמען פֿון די זעמליאַנקעס, כּדי אַ שכן זאָל זיך ניט אָנשטעקן מיט דער קראַנקהייט. האָט מען אויסגעבויט אַ גרויסע זעמליאַנקע פֿאַר אַ שפּיטאָל. אָבער עס איז באַלד געוואָרן צו ווייניק פּלאַץ פֿאַר אַלע קראַנקע, האָט מען אויס־געבויט אַ צווייטן שפּיטאָל אין אַ צווייטן פּלאַץ, מחוץ דער באַזע, ספּע־ציעל פֿאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

ווען עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די פֿלעקטיפֿוס־עפּידעמיע איז קורץ נאָך דעם אויסגעבראָכן אַ בויכטיפֿוס־עפּידעמיע. די אַלע קראַנקע האָט מען דאַן אַריבערגעפֿירט אין יענעם שפּיטאָל מחוץ דער באַזע, ווו עס איז געווען אַ באַזונדערער מעדיצינישער פּערסאָנאַל, וועלכער פֿלעגט ניט האָבן קיין שום קאָנטאַקט מיט דער באַזע. זיי זענען דאָרט געווען אַזוי לאַנג ביז אויך די בויכטיפֿוס־עפּידעמיע איז אַריבער.

לעבן שפּיטאָל האָט דער גאַנטשאַר געמאַכט אַ באַזונדערן אויוון־

דעזינפעקטאָר, צו דעזינפעקצירן די בגדים פון די קראַנקע.

די איינציקע תּרופה פאַר אַלע קראַנקהייטן איז געווען אַספּירין, אָדער אַ פּראָשעק צו קאַפּוויטיק („קאָגוטעק”), — און טייל מאָל איז דאָס אויך ניט געווען. גאָר שפּעטער האָבן די סאָוועטישע עראָפּלאַנען אַראָפּגעוואָרפן אויף פּאַראַשוטן מעדיקאַמענטן, האָט מען אַ מאָל געקראָגן עפּעס וואָס פון דעם אין צענטראַלן שטאַב. עס איז אָבער אַלץ איינס געווען, ווי גאָרניט. און דאָס מערקווערדיקסטע איז, וואָס בעת די אַלע עפּידעמיעס איז בלויז איין בחור געשטאָרבן פון בויכטיפוס. אמת, עס זענען געווען אויף דער לעצטער באַזע אויך אַנדערע טויטפאַלן, אָבער אין דער צײַט פון יידע עפּידעמיעס, געדענק איך, איז געווען נאָר איין טויטפאַל.

חוץ דעם שפּיטאָל האָבן מיר אויך געהאַט אַן אַמבולאַטאָריע, ווו אַ דאָקטאָר און אַ קראַנקן־שוועסטער האָבן געגעבן די ערשטע מעדיצינישע הילף יעדן וואָס האָט זיך צו זיי געווענדט. ווען ס׳האָבן זיך בײַ אונדז באַוויזן קרעץ אויף די הענט האָט דער דאָקטאָר צונויפגעשטעלט אַ מאַשטש פון שוועבל און טאָל אויף אײַנצורײַבן די הענט און דעם קערפּער און דורך דעם אונדז אויסגעהיט פון אַ נײַער עפּידעמיע.

גאָר זעלטן האָט מען זיך אין וואַלד פאַרקילט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס מען האָט ניט געהאַט קיין וואַרעמע בגדים און קיין גאַנצן שוך. דער לעצטער ווינטער איז גראָד געווען זייער אַ שטאַרקער. מוראדיקע פרעסט און טיפע שנייען, ביז די קני, האָבן אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער, אָבער קיינער האָט זיך ניט פאַרקילט.

אין אַמבולאַטאָריע איז אויך געווען טעטיק אַ דענטיסטין, אַ ייִדישע פרוי פון רוסלאַנד. כ׳געדענק ניט ווי אַזוי און פון וואַנען זי איז געקומען אין בעלסקיס מחנה צוזאַמען מיט איר טאָכטער און אַ דערוואַקסן אייניקל, אַ מיידעלע. זי האָט געהאַט צו איר דיספּאָזיציע געציילטע מכשירים און האָט מיט דעם קנאַפּ וואָס געקאָנט העלפן אַ קראַנקן צאָן. בלויז אַרויסרייסן אים און פּטור אַן עסק. אָט דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע הילף פאַר די וואָס האָבן געליטן פון ציינווייטיק. און ווער האָט ניט געליטן פון די ציין?

30

## ניט מיט ברויט אַליין — —

אַז מיר האַלטן שוין בײַ „מעדיצינישע הילף” אין אונדזער מחנה, איז כּדאַי צו דערציילן וועגן אַן ענין, וואָס געהערט צו דעם געביט — דאָס זענען די אַבאָרטן. מיט דעם איז קיין שווערעקייטן אין וואַלד ניט געווען. אַז אַ פרוי האָט פאַרשוואַנגערט און זיך באַצײַטנס געווענדט צום דאָקטאָר, האָט ער גלײַך דורכגעפירט אַן אַבאָרט.

חידושן זיך איבער דעם דאַרף מען ניט. אין אונדזער אָטריאַד זענען געווען אַ סך יונגע פּאָרלעך נאָך פון פאַר דער מלחמה און אויסער דעם זענען אויך אויפן אָרט גופא געשלאָסן געוואָרן „שידוכים”. אַז מען וועט אַרויסגיין לעבעדיקע פון וואַלד האָט זיך, נאַטירלעך, קיינער ניט געשאַפן קיין אילוזיעס. אויף אַבלאַוועס האָט מען זיך געריכט כּסדר, האָט דערײַ בער ניט געקאָנט זײַן קיין רייד פון קינדלען...

בלויז איין פאַל איז געווען, אַז אַ פרוי האָט געבוירן אַ קינד. ווען זי האָט זיך געכאַפּט אַז זי האָט פאַרשוואַנגערט איז שוין געווען צו שפּעט צו מאַכן אַן אַבאָרט און אין וואַלד איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. און ווו האָט דאָס געדאַרפט טרעפן? דווקא אין מײַן זעמליאַנקע. און פונקט קעגן איבער מײַן פּלאַץ, ווו איך בין געשלאָפן... אויסגעפאַלן איז עס גראָד אין מיטן נאַכט און דער דאָקטאָר האָט געדאַרפט אָפּנעמען דאָס קינד בײַ דער שײַן פון אַ קינעלע. איז די גאַנצע זעמליאַנקע געגאַנגען כאָדאָראָם, אָבער וואָס העלפט דאָ חכמות? דאָס קינד האָט זיך נאָך דעם געהאָדעוועט אין וואַלד און ווען עס איז געוואָרן וואַרעם, זיך אַנטוויקלט אויפן בעסטן און שענסטן אופן. דערפאַר האָט חיים, דער וואָס האָט געמאָלקן

די קי, געקרוינט אונדזער זעמליאַנקע מיטן נאָמען: „קינדער־מאַכער״...

דאָס פאַרפאָלק איז נאָך דער באַפרײַונג מגולגל געוואָרן מיטן פליטים־שטראָם קיין איטאַליע און זיי זענען געווען אין אַ קיבוץ פון געוועזענע פאַרטיזאַנער. די פאַמיליע זייערע איז אַבראַמאָוויטש. אין אָטריאַד איז ער געווען דער בעל־ממונה איבערן סקלאַד פון די פּראָדוקטן.

די פראַגע פון די אַבאָרטן האָט אַרויסגערופן אַ היפּשע הײַטערקייט אין דער מחנה און איז געווען אַ פּיקאַנטע טעמע פאַר קיבעץ אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָונטן אין די זעמליאַנקעס. עס האָט אָבער פּאַסירט איין אומגליקספאַל מיט אַ מיטל־יעריקער פרוי. זי איז געשטאָרבן נאָך אַן אַבאָרט און גערעדט האָט מען, אַז דאָס איז געווען צוליב איר אייגענער שולד.

אַ צווייטער פאַל, געדענק איך, האָט זיך פאַרענדיקט ביז גאָר טראַגיש, ווען אַ יונג פּאָרל האָט באַדאַרפט צוליב אַ סומאַטאָכע איבערלאָזן אין וואַלד אויף גאָטס באַראָט זייער נאָר וואָס געבוירן עופעלע. ווער האָט געקאָנט צוזען דעם צער פון די געטראָפענע טאַטע־מאַמע?

אין אַלגעמיין זענען ייִדישע פרויען אין אָנהייב פון דער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג ניט אָנגענומען געוואָרן אין די רוסישע קאָמפּאָסאָטריאַדן. די קאָמאַנדירן האָבן געהאַלטן, אַז די מערסטע פרויען זענען ניט צוגעפּאַסט פאַר אַ פאַרטיזאַנישער מלחמה. זיי האָבן זיך אָבער שפּעטער איבערצײַגט אין זייער טעות. הײַנט ווייסן מיר שוין וועגן ייִדישע פרויען־העלדן, וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט זיך באַטייליקט אין די קאַמפּן קעגן די נאַצישע בעסטיעס, וועגן זייער וויכטיקן בײַטראָג אויף פאַרשיידענע געביטן פון פאַרטיזאַנישן קאַמף. אָבער דאָן איז פאַר ייִדישע פרויען געווען ביז גאָר שווער זיך אָנצושליסן אין אַ קעמפנדיקן רוסישן אָטריאַד, האָבן זיי געפונען אַן אָרט אין די פאַמיליע־לאַגערן.

טוביה בעלסקיס פאַרטיזאַנער־מחנה איז געווען אַ געמיש פון אַ פאַמיליע־לאַגער און קאָמפּאָסאָטריאַד. דאָרט איז יעדע ייִדישע פרוי, אָן אונטערשייד פון עלטער, אָנגענומען געוואָרן און איז געווען אונטערן שוץ פון אָטריאַד מיט אַלעמען גלײַך. אויף דער לעצטער באַזע אין

פּושטשע האָט זייער צאָל אַריבערגעשטיגן 400. (קנאַפּע 2 קילאָמעטער פון דער באַזע איז געווען נאָך אַ גרויסער ייִדישער פאַמיליע־לאַגער פון 700 נפשות, ווו די מערהייט זענען געווען פרויען. דער קאָמאַנדיר פון דער מחנה שמעון זאָרין, אַ מינסקער ייִד, האָט צונויפגעזאַמלט די אַנטלאָפענע פון מינסקער געטאָ אין זײַן פאַמיליע־לאַגער).

די באַדינגונגען אין וואַלד פאַר אַ ייִדיש עלנט מיידל, אָן משפּחה און אָן פרײַנד, זענען געווען זייער שווערע. אויב אָן איינזאַמער מאַנצביל האָט זיך נאָך ווי עס איז געקאָנט אַן עצה געבן מיט זײַנע פּערזענלעכע פּראָבלעמען, איז פאַר דער איינזאַמער פרוי געווען טאָפּלט שווער און זי האָט זיך גענייטיקט אין אַ מאַנצביל, וועלכער זאָל זאָרגן פאַר איר. האָט אָן עלנטע פרוי אָדער עלנט מיידל זיך באַמיט צו פאַרבינדן מיט אַ מאַנצ־ביל. קיין חופּה וקידושין האָט מען דאָרט ניט באַדאַרפט. במילא האָט מען שוין קיין חתונה אויך ניט באַדאַרפט פּראַווען. מען האָט זיך גאַנץ שנעל פאַרשטענדיקט און מען איז באַלד געגאַנגען וווינען אין איין זעמ־ליאַנקע. אַזוי לאַנג ווי מען איז ווינטער געשלאָפן אין די אַלגעמיינע גרויסע זעמליאַנקעס, האָט זיך דאָס נײַ־געבאַקענע פּאָרל געפילט ניט אַזוי „באַקוועם״, צו שלאָפן באַנאַנד אויף דער נאַרע, מיט שכנים פון ביידע זײַטן. אָבער אַזוי נאָר ווי עס האָט אַ בלאָז געטאָן דער ערשטער פרילינגווינטל און דער שניי האָט זיך גענומען שמעלצן, האָבן זיך צו־נויפגענומען אייניקע פּאָרלעך און אויסגעבויט פאַר זיך שטיבלעך, און זיי האָבן דאָרט געפּראַוועט זייער „האַנימון״ אָן עדות... וואָסי, מען האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען אויסצובויען פאַר זיך אַ שטיבל?

דאָ, ענלעך ווי אין ווילנער געטאָ, האָבן איינזאַמע פרויען געזוכט צו פאַרבינדן זיך מיט אַ מאַן אַ „בעל־ייִחוס״. אויב אין געטאָ איז דער ייִחוס פון אַ קוימען־קערער געשטאַנען העכער פון אַ דאָקטאָר, איז דאָ דער בעל־ייִחוס געווען קודם אַזאַ מאַן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ביקס. איאַ איינער האָט שוין פאַר זײַן ווײַב געזאָרגט, אַז זי זאָל האָבן אַ גאַנץ קליידל און אַ גאַנצן שוך און האָט שוין אויך פון צײַט צו צײַט, נאָכן צוריקקערן זיך פון אַ ווירטשאַפטלעכער אויפגאַבע, איבערגעלאָזט עפּעס

אַ בעסערן ביסן. קאָן מען זיך פאָרשטעלן די קוריאָזן, ווען עס האָט זיך פאַרבונדן אַ מיידל אָדער יונגע אלמנה פון אַ פּײַנער היים מיט אַ מאַנצביל פון גאָר אַן אַנדער שניט... פאַרשטייט זיך, אַז לאַנג האָט אַזאַ שידוך ניט געקענט אָנהאַלטן. אַזוי נאָר ווי דאָס מיידל האָט זיך עטוואָס אַטכאַיעט און זיך אַרומגעזען, איז זי אַוועק צו איר פריערדיק ווינקל.

עס זענען אויך אַרויסגעקומען ניט ווייניק גליקלעכע שידוכים אין וואַלד.

ווי אין אַלע פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, זענען אויך בײַ אונדז געווען יוצאי מן־הכּלל. ניט אַלע פרויען אין דער מחנה זענען געווען פרײַ פון שטיין אויף פּאָסטנס מיטן ביקס. געגוג פרויען האָבן זיך אויסגעלערנט באַגיין מיט געווער און זיך באַגאַנגען אָן דער הילף פון „שטאַרקערן" מין.

✶

אָפּט, אין די ווינטערדיקע אָוונטן, פלעגן מיר זיך מיט אַ מאָל צע־רעדן, מיט נאָסטאַלגיע און בענקשאַפט, וועגן ניט־ווײַטן עבר, ווען עס איז נאָך געווען אַ וועלט, אַ לעבן. עמעצער פלעגט געבן דעם טאָן: דער־ציילן אַ פריילעכן עפּיזאָד פון שטעטלשן לעבן, אַרויסברענגען אַ קאָמישן טיפּ, אַ משוגענעם. און וועלכע שטעטל האָט ניט געהאַט זײַן אייגענעם לץ, זײַן משוגענעם? דער עולם פלעגט ווערן דערפון אויפגעהײַטערט און ס'איז געווען דערווײַל פון וואָס צו לאַכן. און דאָס איז דאָך פּאָקטיש געווען דער ציל פון דערציילער — אַרויסרופן געלעכטער, לאַכן באַדאַי מיט יאָשטשערקעס, אַבי לאַכן און אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן פון דעם טרויע־ריקן נעכטן און פאַרנעפּלטן מאָרגן... די גאַנגבאַרסטע סחורה איז געווען אַ „פּאַכאַבנע" מעשׂהלע אָדער אַ פּיקאַנטער וויץ. אין וואַלד האָט מען זיך חלילה ניט זשענירט צו דערציילן אַזעלכע זאַכן אין קעגנוואַרט פון פרויען. די וואַלד־אַטמאָספער האָט צוגערויבט דאָס געפיל פון שעמען זיך אַפילו בײַ פרויען. און געווען אויך פרויען, וואָס האָבן געקענט דער־לאַנגען די דאָזיקע סחורה. ס'וועט אָבער זײַן אַ טעות צו מיינען, אַז ס'זענען געווען פיל אַזעלכע כוואַטסקע ווײַבלעך. די מערהייט פון די 400 פרויען אין דער מחנה האָט אָפּגעהיט זייער ווערדע און די פײַנע

מידות פון אַ מאָל. אין דעם פּרט האָט זיך אויסגעצייכנט די „מירער זעמליאַנקע״. דאָרט האָבן זיך צונויפגעקליבן אַלע, וואָס האָבן געשטאַמט פון שטעטל מיר, וואָס איז באַרימט געווען מיט איר ישיבה און ראש־ישיבות. אין אָט דער זעמליאַנקע פלעג איך, צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע ווי איך, ווען עס האָט געצויגן אַהין, זיצן אין די אָוונטן און כ׳פלעג שעפּן פון דעם מירער קוואַל, אָדער פאַרברענגען מיט די מענטשן, וואָס זענען געווען באַהאַוונט אין די שוואַרצע פּינטעלעך און האָבן פאַרנומען אַ קענטיקן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין זייערע שטעטלעך. מיט אייניקע פון זיי האָב איך זיך שפּעטער געטראָפן אין דער באַפרײַטער ווילנע אין מײַן צימער.

31

# דאָס „שטעטעלע בעלסק"

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט דאָס יאָר גאָר פרי און טיפע שנייען האָבן צוגעדעקט דעם וואַלד. אַ טייל זעמליאַנקעס זענען געבליבן ניט דערבויט און מיר האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ מינימום פלאַץ פאַר אַ נאַכטלעגער. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט „געזינדיקט" מיט די רייד אויף דער ענגשאַפט. ווי געזאָגט, זענען אין איין צײַט אָנגעקומען 300 ייִדן, האָט מען פאַר זיי געמוזט האָבן נאַכטלעגערס. איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה ווי צוטיילן אין יעדער זעמליאַנקע אַ געוויסע צאָל נפשות. אויב, למשל, אין אונדזער „שטוב" זענען פריִער געווען 40 מענטשן, זענען מיר מיט די צוגעקומענע געוואָרן אַ געזינדל פון קנאַפּע זעכציק.

די גרויסע זעמליאַנקעס האָבן אינעווייניק אויסגעזען אַזוי:

צוויי רייען אַלגעמיינע נאַרעס, אויסגעלייגטע פון קיילעכדיקע קלעצ־לעך, וועלכע זענען אַפילו ניט געווען צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס. אויף די קלעצער אַ ביסל שטרוי און אויף דעם איז מען געשלאָפן אַלע צו־זאַמען — מענער, פרויען און קינדער. צווישן ביידע רייען — אַ שמאָלער דורכגאַנג און אין מיטן אַן אייוועלע, וואָס האָט באַהייצט די הײַזקע. פאַר אַ בענקל אָדער טישל איז שוין ניט געווען קיין פלאַץ.

אַ גאַנצן טאָג זענען די „הײַזער" געווען כמעט ליידיק. ערשט אין אָוונט, ווען אַלע האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, איז די גאַנצע זעמליאַנקע פול געוואָרן פון ברעג ביז ברעג. ס'איז ניט נאָר ניט געווען וווּ זיך צו זעצן, נאָר טייל מאָל אַפילו ניט וווּ צו שטיין, מען פלעגט אין

די אָוונטן קומען איינע צו די אַנדערע, אַזוי צו זאָגן, מיט וויזיטן און דער־ווײַל כאַפּן אַ שמועס. עס איז געווען פריילעך. דאָס געשריי פון די קינדער האָט זיך צונויפגעמישט מיט די הויכע געשפּרעכן פונעם עולם און מען איז פאַרטויבט געוואָרן. אַ גאַנצן אָוונט האָט געזשומעט ווי אין אַ בינ־שטאָק.

די זעמליאַנקע האָט מען באַלויכטן מיט קינעלעך, וואָס מען האָט צוגעגרייט בײַ טאָג, און אַז עס האָבן זיך געענדיקט די קינעלעך האָט מען זיך נאָך אַלץ איינס ניט געאײַלט צו לייגן שלאָפן אויף די האַרטע קײַלעכדיקע קלעצלעך, און דער טומל איז ווײַטער אָנגעגאַנגען. און ווען מען האָט זיך שוין געהאַט געלייגט אויף די נאַרעס שלאָפן, האָט זיך דאָן אין דער פינצטער אָנגעהויבן אַ קיבעצערײַ. און טאָמער האָט ווער עס איז פאַרצויגן אַ ניגון, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ זינגערײַ אין כאָר, ביז מען איז הייזעריק געוואָרן און אײַנגעשלאָפן.

און נאָך עפּעס:

געשלאָפן זענען מיר ווי די הערינג אין פעסל. ס׳איז געווען דער־בײַ אַ מעלה און אַ חיסרון. אַ דאַנק דעם וואָס מען איז געשלאָפן צונויפ־געפּרעסטע איז געווען אי גוט אי וואַרעם. די צרה איז אָבער געווען אויב עמעצן האָט גענומען ווײַ טאָן די זײַט פון ליגן אויף אַ סענק און געוואָלט זיך איבערדרייען, האָט זיך די גאַנצע שורה געמוזט איבער־דרייען. האָט שוין קיין שטאָף צום לאַכן ניט געפעלט. ווער האָט פון דעם אַלעם געמאַכט אַ וועזן? ס׳איז געווען גענוג בלויז אויף אַ סעקונדע צו דערמאָנען זיך די געטאָ, זענען די באַדינגונגען אין וואַלד געוואָרן מיט אַ מאָל אידעאַלע.

ווען עס איז געקומען דער פרילינג האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס נײַ אַ פיבערדיקע בוי־טעטיקייט. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּעס מענטשן, וואָס זענען געווען צווישן זיך צונויפגעלעבט און געבויט פאַר זיך באַ־קוועמערע הײַזקעס: מיט באַזונדערע נאַרעס אויף צום שלאָפן, טישן, בענק, אאַז״וו. אַזאַ זעמליאַנקע האָט שוין געהאַט דעם אָנבליק פון אַן אמת שטיבל. נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעווינט אַ גאַנצן ווינטער אין דער

ענגשאָפּט און פאַרסמטער לופט, האָט מען פרײַ אָפּגעאָטעמט ווען מען האָט זיך אַרײַנגעקליבן אין די נײַע הײַזער.

במשך אַ פּאָר וואָכן זענען צוגעקומען פיל צענדליקער קליינע הײַזקעס, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער באַזע, אויף אַזוי ווײַט, אַז די באַזע האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַ טיפּיש ייִדיש שטעטל... און טאַקע באַלד האָט מען דאָס „שטעטל" אויך געגעבן אַ נאָמען — בעלסק — אויפן נאָמען פון די בעלסקיס.

אין דער נײַער הײַזקע, וואָס איך מיט 7 פּערזאָן האָבן אויסגעבויט פּאַר אונדזער געזינדל האָט שוין יעדער געהאַט זײַן אייגענע נאַרע, אַ בשותּפותן טיש און בענקלעך, מיט איין וואָרט, די הײַזקע האָט אויסגעזען ווי אַ פּויערישע כאַטקע, וואָס ייִדן פלעגן דינגען זומער אויף דעם דאַטשע־סעזאָן... דאָס דאָזיקע שטיבל, געדענק איך, איז פאַר מיר געווען אַ רעטונג, איך האָב געקענט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין קיך כאָטש אויסרוען זיך דורך דער נאַכט. אין דער פריִערדיקער ענגשאַפט האָב איך זיך ניט געקענט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס.

*

ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמא צו זאָגן, אַז קיין שום אַנדער פּאַרטיזאַנער־מחנה אין נאַליבאָקער פּושטשע איז ניט געווען אַזוי רײַך אין קינדער ווי בעלסקיס. 110 קינדער, אין עלטער פון 2 ביז 12 יאָר — אָט דעם אוצר האָבן מיר אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

די קינדערלעך האָט מען ממש אַרויסגעריסן פון די נאַצישע נעגל און אויף פאַרשידענע וועגן געבראַכט צו בעלסקין. זיי זענען געווען טײַער ניט נאָר בײַ זייערע עלטערן, — דער קאָמאַנדיר האָט זיך באַמיט, ווי ווײַט מעגלעך, אַז די קינדער זאָל ניט פעלן צו עסן, אַז זיי זאָלן אויך אין וואַלד קאָנען געניסן פון זייער קינדערשער פרייד, איבערהויפּט די וואָס האָבן שוין קיין עלטערן ניט געהאַט.

צוויי לערערינס, איינע, געדענק איך, האָט מען גערופן טשעסיע העניש, האָבן זיך פאַרנומען מיט די קינדער. די זעלבע קינדער, וואָס זענען נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק געווען פאַרשפּאַרט הינטער די דראָטן

אין די געטאָס און צוזאַמען מיט אַלעמען געווען טאָג־טעגלעך אין טויט־געפאַר, האָבן אין וואַלד געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן אין זייער קינדערשער וועלט. די עלטערע האָבן געלערנט אַ ביסל עלעמענטאַרע לי־מודים, זינגען, טאַנצן, דעקלאַמירן און שפּילן. די לערערינס האָבן צוגע־גרייט מיט די קינדערלעך אַ פּראָגראַם און פאָרגעשטעלט פאַר דעם גאַנצן אָטריאַד.

אין דער גרויסער זעמליאַנקע, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די וואַרשטאַטן, האָבן די סטאָליערס אויסגעבויט אַ בינע און די זעמליאַנקע איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאַטער. מוזיקאַלישע קרעפטן האָבן זיך אויך גע־פונען צווישן אונדז. מען האָט רעקוויזירט בײַ די פּויערים אַ פּאָר אינ־סטרומענטן און געבראַכט אין דער מחנה: אַ פידל, אַ מאַנדאָלינע און אַ גיטאַרע. איז פון דעם געוואָרן אַן אָרקעסטער, אַ טריאָ, אַזוי צו זאָגן.

דער ערשטער אַרויסטריט פון די קינדער איז אויסגעפאַלן גאָר אימ־פּאָזאַנט און האָט אויף אַלעמען, געדענק איך, געמאַכט אַן אויסערגעוויינ־לעכן אײַנדרוק. פאַר דער פאָרשטעלונג האָט טוביה בעלסקי געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט געמוזט איבעררײַסן פיל מאָל זײַן רעדע צוליב די טרערן, וואָס האָבן אים געשטיקט אין האַלדז. דער עולם איז אויך ניט געבליבן גלײַכגילטיק אין אַזאַ מאָמענט. מען האָט זיך דערמאָנט אַן אייגענע, אומ־געקומענע קינדער, וואָס זענען דורך די נאַצישע מערדערס פאַרשניטן געוואָרן. איך געדענק ווי בײַ אַלעמען האָבן געפלייצט טרערן איבער די פּנימער. עס האָט גענומען לאַנגע מינוטן, ביז אַלע האָבן זיך באַרויִקט און מען האָט אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג.

אין משך פון שעהען האָבן די קינדערלעך פאַרשאַפט אַלעמען פאַר־געניגן מיט זייער זינגען, דעקלאַמירן, שפּילן און טאַנצן. זיי האָבן געזונ־גען יִדישע און רוסישע לידער, מען האָט זיך בעת־מעשׂה גאָר פאַרגעסן, אַז מען געפינט זיך אין אַ וואַלד אַרומגערינגלט פון די נאַציס. מען האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט זיך געפונען אויף אַ שול־יום־טוב, אין די נאָרמאַלע צײַטן.

ווען עס האָט זיך געענדיקט די פאָרשטעלונג האָט אין האַרצן אָנגע־

הויבן צו נאָגן אַ געפיל פון מורא פאַר די דאָזיקע קינדערלעך און איך האָב געבעטן גאָט, אַז דאָס דאָזיקע הײַפעלע זאָל כאָטש אַרויסגיין גאַנץ פון וואַלד.

שפּעטער האָט מען פאַר די קינדער אויסגעבויט אַ זעמליאַנקע־קלוב. זיי פלעגן זיך דאָרט צונויפקלײַבן און די לערערינס האָבן זיך מיט זיי אָפּגעגעבן אייניקע שעה אַ טאָג. אין קלוב האָבן די קינדער אַרויסגעגעבן אַ וואַנטצײַטונג. די וועלכע האָבן געקענט שרײַבן — יידיש, פּויליש אָדער רוסיש, — האָבן אויסגעדריקט זייערע געדאַנקען אין פּראָזע און אין ליד, באַשריבן זייער לעבן אין געטאָ און אין וואַלד. איך געדענק, ווי איך פלעג שטיין שעהען לעבן דער וואַנטצײַטונג און צום וויפלטן מאָל זי לייענען און זיך פאַרטראַכט ממש איבער יעדער שורה, ווו די קינדער האָבן אויס־געדריקט זייער פרייד, וואָס זיי געפינען זיך ניט מער אין געטאָ און ווי גוט עס איז זיי אין וואַלד. מיט איין וואָרט, די קינדער האָבן אַרײַנגע־בראַכט אַ שטראַל פון פרייד אין דעם פאַראומערטן געמיט, אין דער זאָרג פאַרן מאָרגן, פאַר דער צוקונפט.

כאָטש ס׳איז געווען גענוג טרויעריק אויפן האַרצן און אויף דער נשמה, האָט מען דאָך געלעכצט נאָך פאַרווײַלונג, זיך באַמיט צו פאַרגעסן.

אויף דער לעצטער ווינטער־באַזע האָבן זיך צונויפגענומען אייניקע יונגע בחורים און מיידלעך און האָבן געשאַפן אַ קונסט־אַנסאַמבל. אַ פידל, אַ מאַנדאָלינע און אַ גיטאַרע זענען שוין געווען — איז געוואָרן אַן אָר־קעסטער. געווען מיידלעך מיט פײַנע שטימען און טאַקע געקענט זינגען מיט טעם סײַ יידישע, סײַ רוסישע לידער. אָט־די קינסטלערס פלעגן צוגרייטן אַ פּראָגראַם און פון צײַט צו צײַט אײַנגעאָרדנט אין דער גרויסער געבײַדע פון די וואַרשטאַטן פאַרשטעלונגען. אויף די דאָזיקע פאַרשטע־לונגען זענען אויך אַרויסגעטראָטן די עלטערע קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט טאַלאַנט. און ווען עס איז געוואָרן וואַרעם אין דרויסן זענען אָט די פאַרווײַלונגען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אונטערן פרײַען הימל. אַלע האָבן זיך דאַן אויסגעזעצט אין אַ קרײַז און אין מיטן זענען אַרויס־געטראָטן די אַרטיסטן.

אַ געוויסע צײַט איז בײַ אונדז אין דער מחנה געווען אַ רוס, וועלכער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת דער גרויסער אָבלאַווע און האָט זיך געהיילט אין אונדזער שפּיטאָל. אָט דער רוס האָט אַ מאָל געהאַט אַ שייכות צו דער טעאַטער־פּראָפעסיע. ער האָט אין וואַלד געשריבן אַ סצענאַר פאַר אַ פילם פון פּאַרטיזאַנער־לעבן און האָט איניקע מאָל געלייענט פאַר מיר סצענעס פון זײַן סצענאַר. פרילינג איז ער אַוועק פון אונדז. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז צו אונדז אַראָפּגעקומען אויף דער באַזע אַ קונסט־אַנסאַמבל פון רוסישע פּאַרטיזאַנער מיט אַן אָרקעסטער פון פאַרשידענע אינסטרומענטן און געגעבן פאַר אונדז אַ קאָנצערט פון געזאַנג און טענץ. דער אָנפירער פון דעם אַנסאַמבל איז געווען דער רוסישער פּאַרטיזאַן וואָס האָט זיך בײַ אונדז אויסגעהיילט פון זײַנע וווּנדן.

דאַן האָט ער מיר דערציילט אַז ער האָט מיט דער הילף פון צענטראַלן שטאָב געשאַפן אָט דעם קונסט־אַנסאַמבל. זיי פלעגן אַרומפאָרן איבער אַלע אָטריאַדן אין דער גאַנצער נאַליבאָקער פּושטשע און געבן קאָנצערטן.

די מעשׂה מיטן „רוסישן קינסטלערישן אַנסאַמבל” איז שוין אויסגעפאַלן עטלעכע חדשים פאַרן דערנענטערן זיך פון דער סאָוועטישער אַרמיי צו דעם ראַיאָן פון די נאַליבאָקער ווילדענישן. עס איז דאַן געווען אָנהייב זומער, זענען די רוסן אויפגעטראָטן אין דרויסן, אין מיטן פון אַ ברייטן קרײַז צוהערער, און דער עולם האָט גאָר בעת־מעשׂה פאַרגעסן, אַז ס׳קאָנען יעדע רגע זיך באַווײַזן דעם שׂונאס עראָפּלאַנען און נעמען האָגלען מיט באָמבעס... מיר האָבן שוין דאַן געהאַט דערפאַרונג און געוווּסט, אַז מען טאָר ניט אַנטלויפן, נאָר בלײַבן שטיין אויפן אָרט, אונטער אַ בוים, און אָבסערווירן אין וועלכער ריכטונג די עראָפּלאַנען גייען.

*

ביז מיר האָבן זיך דערוואַרט דעם זומער האָבן מיר געהאַט אַן איבער־גאַנג־פּעריאָד, דעם פרילינג, די סאַמע ביטערסטע צײַט. פונעם צעגאַנגענעם שניי זענען געוואָרן אָזיערעס. די „גאַס” דורכצוגיין האָט מען געדאַרפט טאָפּטשען אין טיפע בלאָטעס, מען האָט געדאַרפט אַקראָבאַטעווען

און שפּרינגען איבער די שיטער אויסגעלייגטע שטיינער, ניט אַנידערצו־פאַלן אין די בלאָטעס. מילא, אויף דער באַזע גופא האָט מען זיך נאָך ווי ס'איז אַן עצה געגעבן, אָבער די וועלכע פלעגן פאָרן מיט פערד־און־וואָגן איבער די בלאָטיקע וועגן? ניט איין גרופּע איז געווען געצווונגען איבער־צולאָזן דעם טראַנספּאָרט אין דער בלאָטע און קומען צו פוס אויף דער באַזע. דאַן האָבן מיר געדאַרפט מיטגיין מיט זיי און העלפן אַרויסציִען פון דער טיפער בלאָטע דעם וואָגן צוזאַמען מיטן פערד...

אָבער אַזוי גיך ווי די „אַזיערעס" האָבן גענומען פאַרשווינדן און די בלאָטעס האָבן זיך אויסגעטריקנט, און מען איז געזעסן אין די נײַ־אויס־געבויטע הײַזקעס, האָט מען באַלד אין דעם פאַרגעסן.

*

געווען בײַ אונדז אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע צאָל מענטשן, וואָס זענען אויף אַ האָר ניט אָפּגעטראָטן אין פּרט פון ייִדישן שטעטעלער־לעבן, אַזוי ווי זיי האָבן זיך אויסגעלעבט אין זייערע היימשטעטלעך, און האָבן אַפילו אָפּגעהיט אין וואַלד אַלע דינים, ווי גאָט האָט געבאָטן. אַזוי, למשל, איז געווען אַ גרופּע עלטערע ייִדן, וואָס האָט געדאַוונט אַלע טאָג און געטרײַ אָפּגע־היט שבת און ימים־טובים, ניט געגעסן פון דער אַלגעמיינער קיך, גע־קאָכט פאַר זיך אַליין. קאַרטאָפל האָבן זיי געקראָגן וויפל זיי האָבן געוואָלט און האָבן אויך באַקומען פון סקלאַד פּראָדוקטן. און אַז ס'האָט זיך אונטער־גערוקט פסח, האָט די בעקערײַ געבאַקן פאַר די פרומע מענטשן מצות. אַזוי אַרום האָבן זיי אַ גאַנצע וואָך געגעסן בלויז קאַרטאָפל מיט מצה און ניט ניכשל געוואָרן אויף אַ האָר פון חמץ.

די בהמות האָט געשאָכטן אויף כּשר דער וואָראָנאָווער שוחט, וועל־כער איז געקומען צו בעלסקין מיט זײַן פרוי און 5 טעכטער נאָכן ראַ־טעווען זיך פון אומקום אין וואָראָנאָווער געטאָ.

*

דער עולם איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַזאַ האַזאַרד זיך אויסצובויען קלע־נערע הײַזקעס, אַז ס'האָט ניט לאַנג גענומען ווי דאָס „שטעטעלע בעלסק" האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ פּאָר קילאָמעטער. מען האָט זיך אין גאַנצן

ניט גערעכנט דערמיט, וואָס דער פראָנט דערנענטערט זיך מיט יעדן טאָג. אַזאַ איז געווען די לאָגיק פון לעבן אין וואַלד: ניט טראַכטן פון מאָרגן, לעבן נאָר מיטן הײַנט.

פון אָט דעם „שטעטעלע בעלסק" זענען אין מײַן זכרון פאַרבליבן אָן אַ שיעור עפּיזאָדן, סײַ קאָמישע און סײַ ערנסטע.

צוריקקערנדיק זיך צוריק נאָך דער גרויסער אָבלאַווע אין נאַליבאָ־קער פּושטשע האָבן מיר אויף דער באַזע כּמעט ווי גאָרניט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, אַפילו ווי עס האַלט מיט דער מלחמה. קיין ראַדיאָ האָט מען דאָן אין אָטריאַד שוין ניט געהאַט. אַ ביסל שפּעטער פלעגן די אויסשפּירערס אַוועקרײַטן אין צענטראַלן שטאַב און פון דאָרט ברענגען אַ בולעטין, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר אַלע אָטריאַדן. פון דעם בולעטין האָט מען זיך דערוווּסט אַ קליין ביסל נײַעס פון די מלחמה־פראָנטן. דער צענטראַלער שטאַב האָט ניט נאָר געהאַט אַן אויפ־נעם־ראַדיאָ, נאָר אויך אַן אָנגעב־אַפּאַראַט, וועלכער האָט זיי פאַרבונדן מיטן פּאַרטיזאַנישן הויפּטשטאַב אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אַלע מכשירים האָט צוגעשטעלט רוסלאַנד מיט דער הילף פון עראָפּלאַנען.

אין דער געגנט פון די נאַליבאָקער ווילדענישן האָבן פּאַרטיזאַנער אײַנגעאָרדנט אַ פליפעלד, אויף וועלכן עס האָבן זיך פון צײַט צו צײַט אַראָפּגעלאָזט סאָוועטישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געבראַכט פאַרשידענע וויכטיקע אויסשטאַטונגען און אויף צוריקוועגס מיטגענומען די שווער קראַנקע אָדער פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער. דאָס אַלץ פלעגט פאָרקומען אויף אַזאַ אופן:

אין אַ געוויסן טאָג פלעגט דער שטאַב באַקומען דורך ראַדיאָ אַ ידיעה, אַז אין דער און דער נאַכט וועט זיך אַראָפּלאָזן אַן עראָפּלאַן און אויך אינסטרוקציעס, וויפל שײַטערן עס זאָלן ברענען אויפן פליפעלד און אין וועלכע ריכטונגען. ווינטער און פרילינג 1944 האָבן סאָוועטישע עראָפּלאַנען זייער אָפט זיך אַראָפּגעלאָזט סײַ אין נאַליבאָקער וועלדער, סײַ אין אַנדערע ערטער. ווען די דײַטשן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט זענען זייערע אויס־

שפּיר־עראָפּלאַנען כּמעט טאָג און נאַכט אַרומגעפלויגן איבער די וועלדער און געהיט, אַז די סאָוועטישע עראָפּלאַנען זאָלן זיך ניט קאָנען אַרונטער־לאָזן. אייניקע מאָל האָבן די דײַטשע באָמבאַרדירערס באַשאָטן מיט באָמ־בעס דעם פּראָוויזאָרישן אַעראָדראָם און ס׳זענען געווען פאַרווונדעטע צווישן פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. יעדער אָטריאַד האָט געדאַרפט אויף 2 וואָכן צײַט שיקן אַהין אַ גרעסערע אָפּטיילונג פון באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער אויף צו האַלטן דאָרט וואַך. גראָד איז אַזוי אויס־געפאַלן, אַז ווען אונדזערע אַ גרופּע האָט דאָרט געהאַלטן שמירה האָבן די דײַטשן באַוואָרפן מיט באָמבעס דעם פליפעלד. צום גליק זענען קיין קרבנות פון דער באָמבאַרדירונג ניט געווען און אונדזערע בחורים האָבן זיך צוריקגעקערט בשלום אין אָטריאַד.

די סאָוועטישע עראָפּלאַנען האָבן איין מאָל געבראַכט פאַרן צענט־ראַלן שטאַב אַ דרוקערײַ און באַלד נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן אַרויס־געבן צײַטונגען אין אַ קליינעם פאָרמאַט, אין רוסיש און ווײַסרוסיש. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער־פּרעסע האָט אָרגאַניזירט הערש סמאָליאַר, וועל־כער פלעגט גאַנץ אָפט קומען צו אונדז אויף דער באַזע און האָט זיך שטאַרק באַפרײַנדעט מיט טוביהן. ער האָט אַ פּאָר מאָל געהאַלטן פּאָליטישע רע־פעראַטן פאַר אונדז און דער עיקר, בעת זײַנע באַזוכן האָט ער די דער־וואַקסענע קינדער גערופן אַרײַנצוטרעטן אין קאָמסאָמאָל. אַזאַ קאָמסאָמאָל־קרײַזל איז טאַקע אין גיכן געשאַפן געוואָרן אין אונדזער מחנה.

בײַ דער זעלבער געלעגנהייט האָבן די עראָפּלאַנען געבראַכט פון צײַט צו צײַט צײַטונגען. פלעגן אַ פּאָר צײַטונגען אויך דערגרייכן צו אונדזער אָטריאַד. אַז איך פלעג אַרײַנכאַפּן אַזאַ צײַטונג אין האַנט האָב איך זי אַרײַנגעשלונגען פון ברעג ביז ברעג. אַזוי זשעדנע איז מען געווען אין אַ געדרוקטן וואָרט. פון די צײַטונגען האָט מען זיך דערוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד. סוף־כּל־סוף האָבן חברה פון ערגעץ געבראַכט אַ קליינעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט — אַ דעטעקטאָר מיט הערטרעײַבלעך. דער אַפּאַראַט האָט זיך געפונען בײַם קאָמאַנדיר אין שטיבל און אין די אָוונטן האָט מען אויפגעכאַפּט נײַעס פון דער ערשטער קוועלע.

געווען בײַ אונדז אַ קליינע גרופּע מענטשן, וואָס האָט פון צײַט צו צײַט זיך פֿאַרקליבן אין אַ ווינקל פון וואַלד אויף אַ פּאָר שעה, כּדי צו כאַפּן אַ שמועס וועגן ליטעראַטור, אין דעם אויך 2 ישיבה־בחורים, איינער פון מירער ישיבה, וואָס איז געווען „געכאַפּט אין דער מעשׂה", זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ העפט לידער בסוד־סודות. אַ צווייטער, געהאַט שוין סמיכה, פלעגט לייענען אויף די מסיבות זײַנע סקיצעס פון וואַלדלעבן. די דאָזיקע אָפּטע צוזאמענטרעפן נאָך דער אַרבעט זענען געווען פאַר אונדז אַ רעטונג. כ׳ געדענק, אַז אָט דער מירער פּאָעט האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט, ווײַל איך בין אַ ווילנער, פון איין שטאָט מיט זײַן ליבלינג חיים גראַדע, פון וועמען ער האָט געהאַלטן אַ וועלט פאַר זײַן פּאָעמע „מוסרניקעס". ער פלעגט מיט נאָסטאַלגיע רעדן וועגן דער גאַנצער גרופּע „יונג ווילנע". קיינער האָט כּמעט ניט געוווּסט פון אָט דעם קליינעם קולטור־קרײַזל.

32

# דער פראָנט דערנענטערט זיך

אַזוי לאַנג ווי ס'האָבן אָנגעהאַלטן די שטאַרקע פרעסט און די טיפע שנייען איז מען געווען באַוואָרנט פון אַן אָבלאַווע. סוף־סוף האָט מען איבערגעשטופּט דעם לאַנגן ווינטער און עס האָט זיך אונטערגערוקט דער פרילינג. אַלץ אַרום האָט זיך צעגרינט, פון די סאָסנע־ביימער האָט זיך צעטראָגן אין דער לופט דער ריח פון סמאָלע און אין די פאַרטאָגן האָבן די פייגעלעך אונדז באַגעגנט מיט זייער צוויטשערײַ. מען האָט מער ניט געדאַרפט טאָפּטשען אין די טיפע שנייען. איז דאַכט זיך, אַז אָט דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געדאַרפט ווירקן, אַז די שטימונג זאָל זײַן אַ גוטע, ווי געוויינטלעך, בעת עס קומט דער פרילינג. דער פרילינג פון 1944 האָט אָבער אויף די ייִדן פון „שטעטעלע בעלסק״ געווירקט פונקט פאַרקערט. אין האַרץ האָט אָנגעהויבן צו עקבערן דער וואָרעם פון אומרו. די גרויסע אָבלאַווע פון פאַריקן זומער האָט מען אויף איין סעקונדע ניט פאַרגעסן. מיר האָבן געפילט, אַז מיט יעדן טאָג וואָס מיר דערנענטערן זיך צום זומער דערנענטערט זיך גלײַכצײַטיק די געפאַר פון אַן אָבלאַווע. די ערשטע סימנים, אַז אַן אָבלאַווע גרייט זיך שוין האָט מען אויך באַלד דער־פילט. דײַטשע עראָפּלאַנען האָבן זיך אָפטער אָנגעהויבן באַווײַזן איבער אונדזערע קעפּ און האָבן געלויערט אויף פאַרטיזאַנער. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס, באַשאָסן דעם וואַלד פּלײַענדיק נידעריק, אַז זיי האָבן שיער ניט פאַרטשעפּעט די ביימער. איז איין מאָל פון דעם אַרויסגעקומען אַן אמתע סענסאַציע. איין עראָפּלאַן איז געטראָפן געוואָרן פון אַ ביקסנקויל. דאָס האָט אַ פאַרטיזאַן פון דער וואָראָשילאָוו־בריגאַדע, פון אַ פּשוטער

ביקס געצילט אין עראָפּלאַן, ווען ער איז געפלויגן נידעריק איבער אים, און געטראָפן. דער עראָפּלאַן איז אַרונטערגעפאַלן און איז צעשמעטערט געוואָרן. מיר זענען נאָך דעם געלאָפן קוקן, ווי אויף אַ וווּנדער, אויפן צע־שמעטערטן עראָפּלאַן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַז אַ דײַטשער עראָפּלאַן איז אַראָפּגעשאָסן געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער אין דעם ראַיאָן פון אונדזערע וועלדער.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט אַלץ מער צו אונדז, און די פּאַר־טיזאַנער האָבן איצט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן אַ גרעסערע אַקטיוויטעט אין דער דיווערסיע־אַרבעט. געווער און אויפרײַס־מאַטעריאַל האָט ניט אויס־געפעלט. די סאָוועטישע עראָפּלאַנען פלעגן שוין איצט דערלאַנגען די דאָזיקע סחורה מיט דער פולער האַנט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געמיט ניט צו דערלאָזן קיין עשעלאָן דורכ־צוגיין צום פראָנט. אויב עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן דער אָדער יענער דיווערסאַנטן־גרופּע אויפצורײַסן דעם עשעלאָן, האָט אים אַן אַנדער גרופּע אַראָפּגעלאָזט אין אַ צווייטן אָרט. וויפל די דײַטשן האָבן ניט געהיט די באַן־ליניעס האָבן זיי בשום אופן ניט געקאָנט זיך אַן עצה געבן מיט די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן דאַן געפּרוּווט אַ צווייט מיטל, כּדי צו האַמעווען די סאַבאָטאַזש־טעטיקייט פון די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן באַזעצט אַלע דער־פער און וועגן מיט גרעסערע אָפּטיילונגען פון זייערע סאַטעליטן־באַנדעס: אוקראַיִנער, ליטווינער, ווײַסרוסן און רוסן — אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געצילט ניט דורכצולאָזן די פּאַרטיזאַנער צו די באַן־ליניעס און גלײַכ־צײַטיק פאַרשטעלן דעם וועג צו די דערפער, פון וואַנען מען האָט גענו־מען שפּײַז.

פון אָנהייב האָט מען זיך, וואָס אַן אמת, דערשראָקן פאַר אָט דער בלאָקאַדע. עטלעכע אונדזערע גרופּעס, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף אויפגאַבעס, זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוקערן מיט ליידיקע הענט, ווײַל עס איז ניט מעגלעך געווען זיך דורכצורײַסן דורך דער בלאָקאַדע, און איין גרופּע, געדענק איך, איז טאַקע אַרײַנגעפאַלן אין אַ פּאַסטקע. די חברה האָבן זיך מיט נסים צוריק דורכגעריסן און זענען אַלע געקומען

בשלום אויף דער באַזע. זייערע נאָענטסטע האָבן זיי שוין געהאַט באַקלאָגט און באַווײנט.

אויף אונדזער באַזע איז געמאָלדן געוואָרן גרייטקייט־צושטאַנד. כאָטש אַ זאַפּאַס עסנוואַרג האָבן מיר געהאַט מער ווי אויף אַ האַלב יאָר און פאַר קיין הונגער האָבן מיר ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבן, האָט מען פון דעסטוועגן דערוויַיל פאַרקלענערט די טעגלעכע פאַרציעס ברויט. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די בלאָקאַדע איז נאָר אַן אָנהייב פון אַ גאָר גרויסן אָנגריף וואָס אַזאַ איז נאָך קיין מאָל אין פּושטשע ניט געווען און אַז די דײַטשן וועלן דאָס מאָל וואַרפן אויף אונדז רעגולערע מאָטאָריזירטע אַרמיי־איינהייטן.

אין די נאַליבאָקער וועלדער האָבן זיך דאַן, ווי מען האָט זיך משער געווען, געפונען אַריבער 20 טויזנט פּאַרטיזאַנער, און כאָטש עס איז שוין דאַן געווען גענוג געווער, האָט מען דאָך זיך ניט געקאָנט שטעלן אין אָפענעם קאַמף מיטן שונאס רעגולערער אַרמיי. אונדזערע אויספירערס האָבן געבראַכט די ידיעה, אַז דײַטשע מיליטער־טיילן האָבן אָנגעהויבן אַן אָבלאַווע אויף די פּאַרטיזאַנער פון דער ליפּעטשאַנקער פּושטשע, סלאָנימער געגנט. עס איז געווען קלאָר, אַז ווען די דײַטשן וועלן ענדיקן דאָרטן, וועלן זיי אַרומרינגלען די נאַליבאָקער וועלדער. מיר האָבן געפילט, אַז וואָס נענ־טער דער פראָנט וועט זיך צורוקן, אַלץ גרעסער וועט זײַן די סכנה פאַר אונדז. אין בעסטן פאַל, האָט מען צווישן זיך גערעדט, אויב אפילו עס זאָל ניט קומען צו קיין אָבלאַווע, וועלן מיר אַלץ איינס צעמאָלט ווערן דורך די קעגנזײַטיקע כּוחות, ווען דער פראָנט וועט זיך אויספרייטן בײַ די נאַלי־באָקער וועלדער. מיר זענען געווען צוגעגרייט צום געדאַנק, אַז מיר האָבן ניט קיין שאַנסן אַרויסצוגיין לעבעדיקע פון וואַלד. מען האָט זיך נאָר געשראָקן פאַר אַרײַנפאַלן צו די נאַצישע מערדערס אין די הענט.

33

# עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן

ניט קוקנדיק אויף דער שפּאַנונג, צוליב דער נײַ־געשאַפענער לאַגע, איז דאָס לעבן אויף דער באַזע אָנגעגאַנגען ווי אַלע טאָג. יעדער האָט געטאָן זײַן אַרבעט, אַפילו דאָס אויפבויען זיך קלענערע הײַזקעס איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן...

פלוצלונג זענען מיר אַלע אויפגערודערט געוואָרן פון אַ ניט־געווייג־לעכער געשעעניש, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אונדזער מחנה.

ווי באַלד דאָס „שטעטעלע בעלסק" האָט געהאַט כמעט אַלץ וואָס אַ שטעטל באַדאַרף האָבן, האָט קיין תּפיסה אויך ניט געטאָרט פעלן. צווישן אַזאַ עולם פון 1.200 נפשות, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען פון אַלע עקן וועלט, קאָנען זיך געפינען אַזעלכע וואָס זאָלן באַגיין עבירות... האָט מען אַ קליינע זעמליאַנקע באַשטימט פאַר דער תּפיסה. אין דער אמתן איז די תּפיסה כמעט שטענדיק געווען ליידיק. פון צײַט צו צײַט פלעגט דאָרט עמעצער געהאַלטן ווערן אַ טאָג צי צוויי פאַר אומבאַדײַטנדיקע עבירות. אָבער יענעם טאָג איז דער גאַנצער עולם פאַרחידושט געוואָרן פון דער ידיעה, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל צעטראָגן איבער דער באַזע: קעסלער מיט זײַן ווײַב זענען אַרעסטירט. דאָס איז געווען דער זעלבער קעסלער, וועלכער האָט זיך אָפּגעטיילט מיט זײַן גרופּע בעתן אַרויסבאַקומען זיך פון דער אָבלאַווע און געבליבן אין פּושטשע און ווען מיר זענען געקומען צוריק פון ראַיאָן האָט די גרופּע צוריק זיך פאַראייניקט מיטן אָטריאַד אונטער טוביה בעלסקיס קאָמאַנדשאַפט. צווישן עולם זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז צווישן טוביהן און קעסלערן איז ניטאָ קיין שלום־בית. דעם

אמת געזאָגט, איז קעסלער געווען אָנערקענט אין דער מחנה פאַר אַ פעיקן מענטש; אַלץ וואָס ער האָט אונטערגענומען האָט ער געטאָן מיט אַ טאַלק. ס'איז אויך אמת, אַז וועגן זײַן פאַרגאַנגענהייט האָט מען זיך בלויז איבער־געשושקעט אויפן אויער... טוביה האָט אים אויף דער לעצטער באַזע באַשטימט אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרן אויפבויען די שפּיטאָלן און דער־נאָך אָנפירן מיט זיי.

די תּפיסה האָט זיך געפונען אַ פּאָר צענדליק מעטער פון דער קיך. אזוי ווי איך בין געשטאַנען בײַם קעסל, דערזע איך פאַרבײַגיין שנעל טוביהן מיט זײַן ברודער עשהאל, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע פון שטאַב, אין דער ריכטונג צו דער תּפיסה. געציילטע מינוטן שפּעטער האָב איך דערהערט געשרייען און אין דער זעלבער רגע עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז קעסלער איז טויט, אַז דער־שאָסן האָט אים עשהאל אין אַ מאָמענט פון העכסטער שפּאַנונג.

סתּירהדיקע קלאַנגען האָבן דאַן קורסירט אויף דער באַזע. פון די אַלע רייד האָט זיך אויסגעטיילט די ווערסיע, אַז קעסלער און זײַנע אָנ־הענגער האָבן געפירט הינטער בעלסקיס פּלייצעס אינטריגעס, וועלכע זענען דערגאַנגען צו דער העכערער פאַרטיזאַנער־מאַכט. צו אַזאַ זאַך האָט בעלסקיס שטאַב זיך באַצויגן ווי צו אַ בגידה און ניט געוואָלט דורכלאָזן אָן שטראָף. איך געדענק בלויז, אַז דער דאָזיקער טראַגישער פאַל האָט אונדז טיף דערשיטערט.

אַ צווייטער פאַל:

אין לידער געטאָ האָט זיך געפונען אַ פריזיער, אַ פּליט פון פוילן; בעלאָבראָדע האָט ער געהייסן, האָט ער זיך געשאַפן אַן עקלהאַפטע צוגאָב־פּרנסה, ער פלעגט אונטערטראָגן די ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן מסירות אויף ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט בײַ זיך עסנוואַרג אויפן וועג אין געטאָ. די פּאָ־ליציאַנטן פלעגן עס צונעמען און די ייִדן האָבן נאָך געדאַנקט גאָט וואָס זיי זענען אָפּגעקומען דערמיט. נאָך דעם פלעגט בעלאָבראָדע קריגן אַ טייל פון צוגערויבטן עסנוואַרג. מען האָט אין געטאָ אויף אים געבעטן דעם טויט. ער האָט געמיינט, אַז מען ווייס ניט פון זײַנע עקלהאַפטע מע־

שים. ערשט אין אַ געוויסן טאָג האָבן די לידער אים אַנטדעקט אויף דער באַזע. הכלל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אָנגעזאָגט די בשורה, אַז בעלאָבראָדען האָט מען אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ און אַלע האָבן געזאָגט כּן יאבדו.

דער דריטער טראַגישער פּאַל איז געווען גראָד אין לעצטן טאָג פאַרן אַרויסגיין פון וואַלד און קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַן אומגליקספּאַל. דער אומגעקומענער איז געווען פון פאַך אַ שמיד; געקומען איז ער צו בעלסקין 3 חדשים פאַרן פאַרלאָזן דעם וואַלד, מיט זײַן ווײַב און שטיקער מאַנו־פאַקטור... ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפן דער אַלגעמיינער דיס־ציפּלין און דער אַרבעט־פאַרוואַלטער האָט געהאַט פון אים צו זינגען און צו זאָגן. קורץ, פּלוצלונג זענען אַלע אויפגעציטערט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז ער איז טויט.

איך געדענק שוין ניט אַקוראַט די סיבה פון זײַן טראַגישן אומקום.

אין די רוסישע אָטריאַדן האָט געהערשט אַן אײַזערנע דיסציפּלין. פאַר אַן ערנסטן פאַרברעך ווי, למשל, כאַפּן אַ דרעמל אויפן פּאָסטן, איז דער שולדיקער דערשאָסן געוואָרן. אין בעלסקיס מחנה, דאַרף מען זאָגן, האָט די דיסציפּלין נישקשהדיק אונטערגעהונקען... פאַר ענלעכע עבירות און פאַרברעכנס איז מען בײַ בעלסקין אָפּגעקומען מיט איבערנעכטיקן אַ נאַכט אין תּפיסה. ייִדן זענען אומעטום ייִדן. דערפאַר האָט די פּרשה קעסלער געמאַכט אויף אונדז אַ שווערן רושם און מיר האָבן עס באַדויערט, כאָטש די מענטשן וואָס זענען געווען נאָענט צו דער אָנפירערשאַפט האָבן דערציילט, אַז ס׳זענען דאָ דאָקומענטן וועלכע דערווײַזן קעסלערס פאַר־ראַט.

34

# פאַרן פּאַרטיזאַנער־געריכט

דאָס איז געווען אין מיטן אַפּריל. איך בין געזעסן בײַם קאָמאַנדיר אין זעמליאַנקע, אין אָוונט, און זיך צוגעהערט צום ראַדיאָ־באַריכט פון די פראָנטן. מיט אַ מאָל זענען מיר אויפגעשפּרונגען פון פריידיקער איבעררעאַשונג: מיר האָבן דערהערט, אַז די סאָוועטישע אַרמיי האָט דורכגעבראָכן דעם פראָנט בײַ וויטעבסק אין דער גאַנצער ברייט און אַז די דײַטשע אַרמיי אַנטלויפט אין פּאַניק. מען האָט דאַן אַ האַלבע נאַכט גע־שמועסט אין די זעמליאַנקעס וועגן אָט דער וויכטיקער געשעעניש, און פון יענעם אָוונט אָן האָט אָנגעהויבן צו טליִען אַ שטראַל פון האָפענונג אויף אַרויסצוגיין לעבעדיק פון וואַלד.

אויף מאָרגן האָבן די אויסשפּירערס געבראַכט דעם בולעטין, ווו עס זענען שוין געווען אויסגערעכנט אַלע פונקטן, וואָס די סאָוועטישע אַרמיי האָט באַפרײַט. יעדן טאָג האָבן די בולעטינען געבראַכט אין די באַריכטן מער און מער וועגן ניצחונות און נעמען פון באַפרײַטע גרעסערע און קלע־נערע שטעט און דערפער פון מיזרח־ווײַסרוסלאַנד. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו אונדז בליץ־שנעל, אויף אַזוי ווײַט, אַז מיר זענען שוין געווען איבערצײַגט, אַז מיר האָבן ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר אַן אַבלאַווע.

די דײַטשע צעשמעטערטע אַרמייטיילן, וואָס זענען אײַנגעקעסלט געוואָרן אין ראַיאָן פון וויטעבסק האָבן געמאַכט באַמיִונגען דורכצוברײַסן דעם רינג. קליינע גרופּעס סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן זיך געלאָזט איבער ענדלאָזע וועלדער מיט דער האָפענונג זיך דורכצוברײַסן אויף מערב. זיי

האָט זיך אַ פּנים גאָר ניט געחלומט, אַז אין די וועלדער דערוואַרט זיי דער אמתער „ברוך־הבא" מצד די פּאַרטיזאַנער.

אָט דאָן איז פאַר די פּאַרטיזאַנער געקומען די צײַט זיך אָפּצורעכענען מיטן שונא. און פאַר בעלסקיס יידישע פּאַרטיזאַנער אָפּצוצאָלן די נאַצי־מערדערס פאַר די רציחות איבער אונדזערע שוועסטער און ברידער.

די דייטשע סאָלדאַטן האָבן געבלאָנדזשעט טעג און נעכט איבער וועלדער און ווי נאָר זיי האָבן זיך באַוויזן אין נאַליבאָקער פּושטשע האָבן די סעקרעטן, וועלכע זענען געווען פונאַנדערגעשטעלט אין אַלע ווינ־קעלעך, גלייך צו וויסן געגעבן אין זייערע שטאַבן און באַלד זענען אַרויס־געשיקט געוואָרן אָפּטיילונגען צו כאַפּן די דאָזיקע „העכט".

אין אָנהייב האָט מען זיי געבראַכט אין די שטאַבן, אויסצוגעפינען זייער „יחוס". אָט די דאָזיקע לײַט פון „הערן־פאָלק" זענען געשטאַנען אײַנגעקאָרטשעטע אין דרײַען, ווי אין קאָנוולסיעס, און געציטערט פאַר די יידישע פּאַרטיזאַנער. זיי פלעגן אַרויפלייגן די הענט אויפן האַרצן און שווערן מיט וואָס נאָר איר ווילט, אַז זיי האָבן, חלילה, קיין יידן ניט גע־מאָרדעט, אַז פונקט פאַרקערט, זיי האָבן גאָר די יידן אַלע מאָל ליב געהאַט.

איין טאָג האָבן בעלסקיס פּאַרטיזאַנער געבראַכט צו שלעפּן אין שטאַב דרײַ „עס־עס"־לײַט. זיי האָבן אין וואַלד באַהאַלטן זייערע אויטאָ־מאַטן, נאָך דעם ווי ס'האָבן זיך געענדיקט די קוילן. אָבער ווען אונדזערע חברה האָבן זיי געכאַפּט, האָבן זיי געמוזט גיין ווײַזן וווּ זיי האָבן באַגראָבן דאָס געווער.

ווי נאָר מען האָט זיי אַרויפגעפירט אויף דער באַזע האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט לעבן שטאַב. איך בין געווען צווישן די גליקלעכע, וועמען עס האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצובאַקומען אינעווייניק.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן, ווי די דרײַ „עס־עס"־לײַט זענען גע־שטאַנען אויף די קני און האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי שענקען דאָס לעבן, ווײַל זיי האָבן אין דער היים פרויען און קינדער... זיי האָבן באַלד דערזען, אַז זיי זענען אַרײַנגעפאַלן צו יידן אין די הענט און האָבן גע־שוואָרן, אַז זיי זענען גאָרניט שולדיק אין דעם, וואָס די נאַציס (ניט זיי,

חלילה) האָבן אויסגעמאָרדעט מיליאָנען ייִדן, איז אַלץ איז שולדיק נאָר דער „פיורער" היטלער...

נאָך דער אויספאָרשונג האָט דער קאָמאַנדיר געהייסן אַרײַנפירן דעם עלטסטן פּאַרטיזאַן פון אונדזער אָטריאַד, שמואל־יצחק פּופּקאָ, פון לידע, אין די העכערע זיבעציקער, און אים געשטעלט בראש פון מיליטעריש־פּאַרטיזאַנישן געריכט. און אָט האָט ער דערלעבט די צײַט צו שטיין קעגן די נאַציס ניט ווי אַ קרבן, נאָר ווי אַ פּראָקוראָר. עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך בילד, ווי אַזוי דער גרײַז־גרויער ייִד האָט מיט אַ צעוויטיקט האַרץ געהאַלטן די באַשולדיקונגס־רעדע, זשעסטיקולירנדיק מיט די קולאַקעס פון זײַנעביידע הענט האַרט לעבן זייערע פּנימער.

דער קאָמאַנדיר האָט געהאַלטן, אַז דער גאַנצער אָטריאַד דאַרף זיך באַטייליקן אין אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין איבער די דאָזיקע מערדערס און אין אויספירן דעם אורטייל.

איינציקווײַז זענען די דאָזיקע „עס־עס"־לײַט אַרויסגעפירט געוואָרן פון שטאָב און איבערגעגעבן געוואָרן דעם פאַרזאַמלטן המון. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז שוין פון זיי קיין סימן ניט געבליבן.

מענטשן וואָס האָבן אין זייער לעבן קיין פליג אויפן וואַנט ניט אָנגערירט האָבן זיך געריסן צו די מערדערס, זיי צו לינטשן, אַזוי האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט ווען מיר האָבן דערזען די „עס־עס"־לײַט.

פון דאַן האָבן בעלסקיס פּאַרטיזאַנער זיך אַרײַנגעוואָרפן אין האַזאַרד צו כאַפּן די דאָזיקע חיות אין מענטשן־געשטאַלט. מען האָט זיי שוין אָבער ניט געבראַכט צו שלעפּן אויף דער באַזע. מען האָט זיי „צו רעכט געמאַכט" אויפן אָרט. די וועלף אין וואַלד האָבן שוין ניט געהונגערט...

די שבועה, וואָס בעלסקיס פּאַרטיזאַנער האָבן געגעבן זייערע ברידער און שוועסטער אין די געטאָס, אַז זיי וועלן נקמה נעמען פאַרן אומזיסט פאַרגאָסענעם בלוט, האָבן זיי מיט כּבוד אָפּגעהיט. דער קאָמאַנדיר האָט די חברה פיל מאָל געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זײַן פאָרזיכטיק, ניט פאַרלירן דעם אייגענעם קאָפּ אויף דער שוועל פון באַפרײַונג.

ניט אַלע נאַציס האָבן זיך איבערגעגעבן צו די פּאַרטיזאַנער אָן אַ ווידערשטאַנד. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געקעמפט ביזן לעצטן קויל. אין סך־הכּל האָבן זיי אַלע געהאַט דעם זעלבן וויסטן סוף, אויב זיי האָבן זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין די ענדלאָזע וועלדער, ווו עס האָבן זיך געפונען פּאַרטיזאַנער.

מיר פלעגן זיך יעדן טאָג מיט נײַגער צוהערן צו די שילדערונגען פון אונדזערע חברה וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דאָזיקן געיעג.

איין מאָל האָבן רוסישע פּאַרטיזאַנער געכאַפּט 30 נאַציס און זיי געבראַכט אין הויפּטשטאַב. בײַם באַזוכן זיי האָט מען בײַ איניקע געפונען פאָטאָגראַפישע בילדער פון מאַסן־שחיטות איבער ייִדן. דאַרף מען האָבן אַ באַסערן באַווײַז, וואָס דאָס זענען געווען פּאַר אַ לײַט? נאָך ווייניק, הייסט עס, וואָס זיי האָבן פּאַרגאָסן ייִדיש בלוט, האָבן זיי עס נאָך פּאַראייביקט אויף בילדער, כּדי זיי זאָלן מיט דעם קאָנען דערקוויקן אויך זייערע פאַמיליעס.

אַזוי ווי קיינער צווישן די רוסישע שטאַבמיטגלידער האָט ניט געקענט קיין דײַטש, האָבן זיי אַרויסגערופן פון בעלסקיס שטאַב צוויי ייִדן. אַז די צוויי חברים האָבן דערזען די שוידערלעכע בילדער, האָט זיך בײַ זיי אָנגעצונדן דאָס בלוט. דער רוסישער קאָמאַנדיר, דערזעענדיק וואָס פאַר אַ רושם די בילדער האָבן אויף זיי געמאַכט, האָט זיך אָנגערופן: „נעמט אײַך די דאָזיקע סוואָלאָטשעס און מאַכט אײַך דעם חשבון מיט זיי אויף אײַער אופן...".

די צוויי ייִדישע פּאַרטיזאַנער, פּסח פרידבערג און סאָלאָמאָן וואָלקאָוויסקי, ווי נאָר זיי האָבן דערהערט פון די רוסן דעם פּזמון — „נעמט זיי, די סוואָלאָטשעס", זענען זיי ביידע צוגעגאַנגען צו דעם גרוב, ווו די נאַציס זענען געווען פּאַרשפּאַרט, און געגעבן זיי אַ באַפעל אַרויסצוקריכן, אויסשטעלן זיך צו פיר אין אַ ריי און מאַרשירן פאָרויס מיט די הענט אויף די קעפּ. זיי האָבן זיך מסתּמא געטראַכט, אַז מען פירט זיי אין געפאַנגען־לאַגער. 2 סעריעס קוילן האָבן פאַרענדיקט זייער היניש לעבן.

35

# דײַטשן גרײַפֿן אָן אונדזער באַזע

ס'איז געקומען דער 1טער מײַ. דער שטאַב האָט באַשלאָסן דורכ־צופֿירן דעם אַרבעטער־יום־טוב אויף אַ פֿײַערלעכן אופֿן. קיינער האָט דעם טאָג ניט געאַרבעט. דער פֿראָנט־באַריכט האָט יענעם טאָג גע־בראַכט ידיעות וועגן גרויסע ניצחונות פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי. דאָס האָט צוגעגעבן פֿײַערלעכקייט דער יום־טובדיקער שטימונג. נאָך פֿרישטיק האָבן זיך אַלע פֿאַרזאַמלט אויפֿן פּלאַץ לעבן שטאַב, ווו עס איז פֿאָרגעקומען אַ מיטינג, אויף וועלכן עס זענען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס דער קאָמאַנדיר און מיטגלידער פֿון שטאַב. עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן כּבֿוד די געפֿאַלענע פּאַרטיזאַנער פֿון דער מחנה, און נאָך דעם זענען אויסגערופֿן געוואָרן די נעמען פֿון די באַלױנטע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די קאַמפֿן, און אַ דאַנקאויסדרוק פֿאַר די אַרבעטערס פֿון די וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען, פֿאַר זייער גע־וויסנהאַפֿטער אַרבעט.

נאָך מיטאָג איז די געבײַדע פֿון די וואַרשטאַטן פֿאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ טעאַטער. די קינסטלער־גרופּע האָט אײַנגעאָרדנט אַ פֿאַר־שטעלונג פֿון געזאַנג און שפּיל. צום ערשטן מאָל האָט מען זיך פֿאַרווײַלט אין וואַלד לאַנגע שעהען אין אַזאַ געהויבענער שטימונג.

יעדער האָט באַקומען אַ יום־טובדיקן מיטאָג, וווּרשט און אַ טאָפּלטע פּאָרציע ברויט. מיט איין וואָרט, יענעם ערשטן מײַ איז אין וואַלד געווען שוין איין מאָל חי געלעבט!

דער אינטערעס צו די פֿראָנטבאַריכטן איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

מען האָט זיך קוים דערוואָרט אויף די אויסשפּירערס מיטן נײַעם בו־לעטין פון הויפּטשטאַב וועגן שנעלן מאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי און לאַנגע רשימות פון באַפרײַטע שטעט. אין איינעם פון די בולעטינען איז דערמאָנט געוואָרן מײַן געבורטשטאָט ווילנע. דאָס האַרץ האָט בײַ מיר אַ צאַפּל געטאָן פון דער דאָזיקער בשורה. אָך, ווי מיר האָט זיך אין יענעם מאָמענט געוואָלט דאָרט זײַן, אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט, ווו איך האָב פאַרבראַכט מײַן גאַנץ לעבן סײַ אין פריידן, סײַ אין לײַדן. יענע נאַכט האָב איך שוין ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג און אַ גאַנצע נאַכט, געדענק איך, זענען פאַר מיר פאַרבײַגעלאָפן אַלע שוידערלעכע בילדער, מײַנע איבערלעבונגען זינט איך האָב זיך געשיידט מיט מײַן משפחה.

אין מוח האָט נאָך געטליִעט אַ האָפענונג, אַז אפשר האָט זיך עמעץ פון מײַן משפחה געראַטעוועט.

יענע לעצטע טעג האָבן גרעסערע גרופּעס דײַטשן געבלאָנדזשעט איבער די וועלדער און געוואָלט זיך דורכרײַסן. זיי זענען אין זייער פאַר־צווייפלונג געוואָרן נאָך מער פאַרביסן און ס'איז אויסגעקומען צו פירן מיט זיי פאַרביטערטע קאַמפן. פון אונדזער שטאַב איז אַלעמען אָנגע־זאָגט געוואָרן, אַז מען זאָל זיך בײַ נאַכט ניט אויסטאָן, זײַן גרייט; אַרום דער באַזע זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן די פּאָסטנס.

די פײַנטלעכע עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן איבער אונדזערע קעפּ, געשאָטן באָמבעס און אונדז באַשאָסן פון זייערע פּולעמיאָטן. מען האָט געמוזט אָפּשטעלן דאָס קאָכן אין דער אַלגעמיינער קיך, כּדי דער רויך זאָל אונדז ניט פאַרראַטן. פון שטאַב איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז מען זאָל זיך וואָס ווייניקער באַוועגן איבער דער באַזע, כּדי אויסצומײַדן קרבנות. אָבער אַ פּנים, אַז עס איז געווען געחתמעט, אַז מיר זאָלן זיך אָן קרבנות ניט באַגיין.

איין אָוונט האָבן מיר גאַנץ נאָענט שוין געהערט דאָס דונערן פון דער אַרטילעריע. אונדז האָט זיך געדאַכט, ווי די באָמבעס וואָלטן אויפ־געריסן געוואָרן לעבן דער באַזע. דער גאַנצער הימל איז געווען באַ־לויכטן פון ראַקעטעס. עס איז געווען קלאָר, אַז דער פראָנט איז שוין פון

אונדז געציילטע קילאָמעטערס. קיינער איז שוין די נאַכט ניט געשלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ניט אויפגעהערט די קאַנאָנאַדע. און ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַרײַען אויף טאָג איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן. פון דעם האָבן מיר געדרונגען, אַז די דײַטשן זענען אָפּגעטראָטן און אַז מיר וועלן נאָך דעם זעלבן טאָג זיך באַגעגענען מיט דער סאָוועטישער אַרמיי. דערווײַל, איידער וואָס ווען, האָט מען זיך צוגעלייגט אויף אַ ווײַלע כאַפּן אַ קורצן דרעמל.

אַ געוואַלדיקע שיסערײַ האָט אונדז אויפגעריסן פון שלאָף. מיר זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די נאַרעס און זיך געכאַפּט פאַרן געווער. אַ באַוואָפנטע דײַטשע איינהייט האָט זיך דערנענטערט צו אונדזער באַזע מיט אַ שיסערײַ פון אויטאָמאַטיש געווער. מיר האָבן געעפנט אויף זיי אַ פײַער, כדי זיי אָפּצושלײַדערן פון דער באַזע. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיר וועלן אַזאַ ריזיקן מיליטערישן כוח ניט קאָנען בײַקומען. איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי צוריקצוציִען זיך הינטער דער באַזע.

די דאָזיקע קעגנוווּטיקע שיסערײַ האָט אָבער צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון שכנותדיקע אָטריאַדן. די הילף איז געקומען אין דער ריכטיקער צײַט. די דײַטשן, דערזעענדיק אַז מיר האָבן באַקומען אַ פאַרשטאַרקונג, זענען אַנטלאָפן. זיי זענען אָבער באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זײַטן און קיינער פון זיי איז קיין לעבעדיקער ניט אַרויס.

צען פון אונדזערע חברים זענען געפאַלן אין יענער שלאַכט. דער ווייטיק איז געווען גרויס. יונגע, העלדישע בחורים, וואָס זענען פאַר צוויי יאָר אין וואַלד דורכגעגאַנגען אַ סך געפאַרן, דורכגעמאַכט אַלע אַבלאַוועס, און צום סוף איז זיי באַשערט געווען צו פאַלן פון אַ דײַטשער קויל, אין דער לעצטער מינוט, פאַר דער באַפרײַונג. דער דאָזיקער פאַרלוסט האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַ דערשיטערנדיקן רושם.

די גאַנצע מחנה האָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה פון די צען בחורים, וועלכע זענען באַערדיקט געוואָרן מיט מיליטערישן כבוד. מיר זענען געשטאַנען צעוויטיקטע, מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ בײַ די אָפּע־

נע קברים און געוויינט אויף דעם גרויסן פּאַרלוסט. צווישן די געפאַלענע איז אויך געווען אַ מיטגליד פון שטאַב, גאָרדאָן, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט מיטן גענעראַל פּלאַטאָן נאָך פון פאַרן קריג און אָנגעהאַלטן מיט אים פאַרבינדונגען אין נאָמען פון אונדזער שטאַב.

נאָך איידער מען האָט באַוויזן צונויפצובריינגען די קרבנות צום קבורה־פּלאַץ האָט זיך ווי אַן עלעקטרישער שטראָם צעשפּרייט איבער דער באַזע די בשׂורה, אַז עס האָבן זיך באַוויזן אויף די ראַנדן פון וואַלד די אַוואַנגאַרד־טיילן פון דער רויטער אַרמיי.

36

# פרייד און אומעט

אַ פּאָר טעג פֿאַרן איבערפּאַל פֿון די דײַטשן אויף אונדזער באַזע איז אַראָפּגעקומען צו אונדז אַ העכערער סאָוועטישער מיליטער־מאַן. אין די רוסישע אָטריאַדן פֿלעגן אָפֿט זיך באַווײַזן אַזעלכע געסט, וועל־כע פֿלעגן זיך אַרונטערלאָזן אויף פֿאַראַשוטן אויף דעם אימפּראָוויזירטן לופֿטפֿעלד ניט ווײַט פֿון אונדזער באַזע. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר געזען די נײַע אָפֿיצירישע אוניפֿאָרם, מיט עפּאָלעטן, וואָס האָט זיך אויף אַ האָר ניט אונטערשיידט פֿון דער אַמאָליקער צאַרישער. אָפֿיצירישע עפּאָלעטן זענען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ביז ניט לאַנג געווען דער סימבאָל פֿון קאָנטררעוואָלוציע...

דער גאַנצער עולם האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין אַ קרײַז און דער גאַסט האָט פֿאַר אונדז געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט אונדז צו ערשט באַדאַנקט פֿאַרן שטעלן זיך אין די פּאַרטיזאַנישע רייען און פֿאַר אונ־דזער הילף דער סאָוועטישער מאַכט אין דערשלאָגן דעם דײַטשן שׂונא. נאָך דעם האָט ער געשילדערט דאָס גליקלעכע לעבן וואָס אונדז שטייט פֿאָר נאָך דעם ווי מיר וועלן זיך צוריקקערן אין אונדזערע היימען, אַז די סאָוועטישע מאַכט וועט וויסן ווי אַזוי אונדז געהעריק צו באַלוינען פֿאַר אונדזערע לײַדן.

די דאָזיקע רייד האָבן אויף קיינעם ניט געמאַכט קיין אײַנדרוק. יעדער האָט געוווּסט בײַ זיך קלאָר, וואָס פֿאַר אַ גליקלעך לעבן אים דערוואַרט, ווען ער וועט פּנים־אל־פּנים זיך טרעפֿן מיטן וויסטן חורבן אין זײַן שטאָט אָדער שטעטל. מען האָט שפּעטער, נאָכן פֿאַרלאָזן די באַזע, גערעדט צווישן זיך מיט איראָניע וועגן זײַנע צוזאָגענישן. ווו האָבן

מיר שוין אַ היים ? ביי קיינעם איז ניט געווען קיין ספיקות, אַז דאָס וועט זיין אַ לעבן אין אבילות...

דער איינציקער גוטער געפיל, וואָס דער הויכער שררה האָט איבער־געלאָזט ביי יעדן פון אונדז איז געווען — אַז אונדזער באַפרייונג איז נאָענט און טאַקע דערפאַר האָבן מיר אים באַגלייט מיט די סאַמע אויפריכטיקסטע אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך איידער ס'האָבן זיך באַוויזן די ערשטע רויטאַרמייער זענען מיר שוין שעהען געשטאַנען ביי די ראַנדן פון אונדזער באַזע און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער באַגעגעניש. אַ פּילפּאַכיקער דונערדי־קער עכאָ האָט זיך געקייקלט איבערן וואַלד פון אונדזערע פריידיקע אויסגעשרייען, ווען מיר האָבן דערזען אָנקומען די ערשטע טיילן פון דער רויטער אַרמיי. די זעלנער האָבן שמייכלענדיק אויפגענומען אונ־דזערע וואַרעמע באַגריסונגען. טייל האָבן זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך געחידושט אויף די קליינע קינדער. מען האָט זיך מיט זיי געחכמהט, אַז דאָס זענען אונדזערע יינגסטע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן די קינדער געטיילט שטיקלעך האַרטן צוקער, אַ זאַך, וואָס די קינדער האָבן עס ניט אָנגעזען אין וואַלד. שעהען זענען מיר נאָכגעגאַנגען און נאָכ־געלאָפן די מאַרשירנדיקע אַרמייער און געכאַפּט מיט זיי קורצע שמועסן. דאָס זענען געווען הערלעכע מאָמענטן אויף וועלכע מען האָט אויסגע־קוקט די אויגן, און זיי לאָזן זיך ניט פאַרגעסן ביז היינט.

ווען די ערשטע ספּאָנטאַנע פרייד איז פאַרביי, איז אויפגעקומען די פראַגע: וואָס ווייטער ?.. ביי מיר איז קיין מאָל אין וואַלד ניט אויפגע־קומען אַזאַ פראַגע, בעת מ'איז כסדר געווען אונטערן איינדרוק, אַז מיר האָבן גאָר שוואַכע שאַנסן אַרויסצוגיין לעבעדיקע, אין בעסטן פאַל, האָט מען צווישן זיך געשמועסט, וועלן מיר צעריבן ווערן, ווען ס'וועט זיך דערנענטערן דער פראָנט. די פּלוצעמדיקע באַפרייונג האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין מוח.

אין קאָפּ זענען מיר געקראָכן משונהדיקע געדאַנקען: ווי גוט וואָלט

דאָס געווען, ווען מיר וואָלטן אַלע צוזאַמען געקאָנט אָנגיין מיט אַ קאָמו־נע־לעבן אין אַט דעם שטעטעלע וואָס מיר האָבן אויפגעבויט. די מענטשן זענען מיר איצט געוואָרן נאָך נענטער און דאָס פרימיטיווע לעבן — ליב. אויך דער וואַלד האָט אין מײַנע אויגן מיט אַ מאָל באַקומען אַן אַנדער קאָליר...

איך געדענק, אַז איך בין צו מאָרגנס, שוין אַ פרײַער מענטש, אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפער אַפּאַטיע און זיך געשראָקן, איך זאָל זיך ניט צוזאַמענברעכן. איך האָב אַרום זיך געזען פּנימער, אויף וועלכע ס׳איז געווען אויסגעגאָסן זאָרג און אומעט אַנשטאָט פרייד. קאָנטיק, אַז אַנדע־רע, עלנטע, האָבן אויך געפילט, אַזוי ווי איך.

נאָך האַלבן טאָג איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון שטאַב, אַז אַלע זאָלן זײַן גרייט אויף מאָרגן אין דער פרי צו פאַרלאָזן דעם וואַלד. דערבײַ איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז אַלץ וואָס קאָן ניט מיטגענומען ווערן, איבער־הויפּט שפּײַז, זאָל מען פאַרניכטן, כדי וואָגלענדיקע דײַטשן זאָלן פון דעם ניט געניסן.

געווען איז אָנהייב יולי 1944, ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די נאַלי־באָקערווילדענישן — אַריבער 1.200 ייִדן. צווישן זיי 400 פרויען און 110 קינדער.

# אינהאַלט